# ענציקלאָפּעדיע

פון

# אידישע וויטצען

און

## חסידישע גלייכווערטלאַך



צוזאַמענגעשטעלט פון

הרב י. ל. לאַזעראָוו



אַרויסגעגעבען פון

פּרדס בוך סטאָר

י. ז. בוכבינדער, פּאַבלישער

28 קאַנאַל סטריט, ניו יאָרק

1928

# ערשטער טייל

## בראשית



## נח



## לך־לך



## וירא



## חיי שרה



## תולדות



## ויצא



## וישלח



## וישב

### מטות



### ראה



### תצא



## צווייטער טייל

# דריטער טייל

## גלייכע ווערטלאַך און אפאריזמען

# בראשית

## 1

### ניט גוט מיינט נאָך ניט שלעכט

„לא טוב היות האדם לבדו" וגו'. די תורה זאָגט ניט: עס איז שלעכט ווען דער מענש הייראַט ניט, נאָר „לא טוב" — עס איז ניט גוט. פון דעם איז געדרונגען, אַז ניט גוט מיינט נאָך ניט שלעכט...



## 2

### צו קען מען חושד זיין אַן אייגענע ווייב אין כשרות

„האשה אשר נתת עמדי, היא נתנה לי מן העץ ואוכל". דער תלמוד זאָגט, דאָס ער האָט ניט געזאָגט: „אָכלתי" — איך האָב געגעסען, נאָר „ואוכל". דאָס באַווייזט, אַז אָדם האָט אַזוי געענטפערט: רבונו של עולם! דו פרעגסט מיך אויב איך האָב פאַרזוכט פון עץ הדעת? נו, איך האָב געגעסען און וועל טאַקע ווייטער אויך עסען. דו אַליין ווייסט, דאָס עס איז ניט מיינע, נאָר דיין אייגענע שולד. דו האָסט מיר געגעבען די פרוי, דו ביזט איהר באַשעפער, דו ביזט דער שדכן געוועזן און דו האָסט מיר פאַרהייראַט מיט איהר, און זאָג דו אַליין, צי באַדאַרף איך אַזאַ פרוי פרעגען אויב דער עסען וואָס זי דערלאַנגט מיר איז כשר? ווען איך זאָל איהר אין עפּעס חושד זיין, בין איך דאָך דיר דאַן חושד. אויב איך פאָלג איהר ניט — פאָלג איך דאָך דיר ניט, און דעריבער וועל איך אויך ווייטער מוזען עסען אַלץ וואָס זי וועט מיר געבען.



## 3

### זי האָט דערלאַנגט מיט אַ שטיק האָלץ

„היא נתנה לי מן העץ" וגו'. אָט די ארורה, וואָס דו, גאָטעניו, האָסט מיר פאַר׳שדכנ׳ט, האָט מיר אַזעלכע קלעפּ געגעבען, וואָס איך

וועל זיי מיין גאַנצען לעבען געדענקען. זי האָט פון אַ בוים אָפּגע־בראָכען אַ גרויסען צווייג און האָט מיר מכבד געווען מיט איהם ווי געהעריג. „היא נתנה לי מן העץ", זי האָט מיר מיט'ן האָלץ אַזוי שטאַרק געשלאָגען, דאָס איך האָב קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט ווי צו עסען פון עץ הדעת און שטאַרבען. אָבער אויב איך וועל פאַרט בלייבען לעבען, וועל איך האַלטען אין איין עסען פון עץ הדעת ביז איך וועל שטאַרבען און אויף אַזאַ אופן פון מיין ארורה פטור ווערען.

4

## חתונה און אריכת ימים

„ויחי מתושלח שבע ושמונים שנה ומאת שנה ויולד את למך".
מתושלח האָט ערשט צו הונדערט און אַכציג יאָהר חתונה געהאַט, און דעריבער האָט ער מאריך ימים געווען און געלעבט לענגער פון אַלע אין זיין צייט. די וואָס ווילען לעבען מתושלח'ס יאָהרען, דאַרפען הייראַטען אין די זעלבע יאָהר וואָס ער...

5

## די ראשי תיבות פון חמ"ס

„**כי מלאה הארץ ח'מ'ס" — דאָס איז אַ רמז אויף די ספרים וואָס** געפינען זיך אין די ביבליאָטעקען פון אונזערע בעלי־בתים אין אמע־ריקא. די ראשי תיבות פון חמ"ס מאַכען: „חומש, מחזור, סדור..."

6

## אַ רעדנער פאַר דער חתונה, אַ שווייגער נאָך דער חתונה

„ויהי האָדם לנפש חיה".

פאַרטייטשט דער תרגום: „לרוח ממלל", אַ רעדנער. איידער ער האָט זיין ווייב באַקומען האָט ער געקענט רעדען, אָבער גלייך ווי מען האָט איהם געגעבען אַ פרוי איז דער כח־הדבור צוגענומען גע־וואָרען פון איהם און איז אָוועקגעגעבען געוואָרען צו איהר.

7

## עס איז ביטער צו לעבען פון דער ווייב׳ס פּרנסות

„ותתן גם לאישה עמה ויאכל״.

גליקליך איז דער מענש, וואָס איז מפרנס זיין ווייב און קינדער, און וועה צו דעם יעניגען, וואָס דאַרף אויסקוקען אויף זיין ווייבס פּאַרדינסטען. קוים האָט אָדם געדאַרפט אָנקומען צו זיין ווייב, האָט זי טאַקע אויף איהם געבראַכט דעם טויט.



8

## צוויי ווייבער פיהרען צו רציחה

„ויקח לו למך שתי נשים״.

און דערביי שטעהט געשריבען : „כי איש הרגתי לפצעי״. דאָס צווייטע איז געווען אַ פּועל־יוצא פון די ערשטע. אַ מענש וואָס האָט צוויי ווייבער און האָט פּאַרביידען געמוזט זאָרגען צו האָבען גענוג אויף קליידער, היט און שיך, גאָלד און דימענטען, איז טאַקע ניט צו וואונדערען זיך וואָס ער האָט געמוזט אימיצען דער׳הרג׳ענען...



# נח

9

## „כופר״ מיינט כפירה

„מבית ומחוץ בכופר״, דאָס מיינט מען די משכילים אין אמע־ריקא, וועלכע זיינען סיי פון אינעווייניג און סיי פון דרויסען פול מיט „כופר״ — כפירה, און שעהמען זיך ניט אַלסצדינג צו טאָן אפילו אין מיטען גאַס...

10

## וויל אַרויסוואַרפען אַ יקום פורקן

„וימח את כל היקום". אַ יונגער ראַביי האָט מיר אַנומעלטען געזאָגט, דאָס ער וויל פון זיין סדור אַרויסוואַרפען אַ יקום־פורקן, ער ווייסט אָבער ניט ווען. האָב איך איהם געזאָגט: שוין גליי־כער ביידע אַרויסוואַרפען. איך האָב איהם אויף דעם געגעבען אַ רמז פון דעם אויבענדערמאָנטען פסוק: „וימח את כל היקום", וואָס עס מיינט: ער האָט אויסגעמעקט אַלע „יקום"־פורקנ'ס. איך האָב איהם שוין דערביי געראָטען אויך אויסמעקען דעם „אב הרחמים". אויף זיין פראַגע: „וואָרום?" האָב איך איהם געענטפערט: „אויב איהר וועט אויסמעקען דעם „אב הרחמים", וועט דער „אב הרחמים" אייך אויסמעקען..."



11

## געבליבען ביי זיין אמת'ן נאָמען

„וישאר אך נח ואשר אתו בתבה", און עס איז געבליבען נאָר נח און די וועלכע זיינען מיט איהם געווען אין קאַסטען. ווי אונזערע חז"ל זאָגען, איז דאָס וואָרט „אך" און „רק" איין מיעוט. וואָס־זשע איז ער דאָ ממעט? עס האָט דאָך געקענט שטעהן „וישאר נח ואשר אתו בתבה". מיר וועלען דאָס אָבער פאַרשטעהן ווען מיר וועלען זיך צוקוקען צו די באַציהונגען פון די היינטיגע אויפגעקלעהרטע צו די פרומע אידען און תלמידי־חכמים. אַז זיי ווילען אָפּלאַכען פון אַ פרומען עהרליכען אידען, האָבען זיי פאַר איהם פאַרשידענע נעמען, ווי למשל: שוטה, אויל, מלמד, קלויזניק, ישיבה־בחור, באַנק־קוועטשער. אַזוי איז אויך געווען אין דער צייט פון דור המבול. די רשעים פון יענעם דור פלעגען נח'ן אָנרופען מיט די אַלע נעמען, וועלכע מיר האָבען אויסגערעכענט, אָבער נאָכ'ן מבול בשעת די גאַנצע מענשהייט איז פאַרניכטעט געוואָרען, דאַן איז „וישאר אך נח". פון די אַלע נעמען איז איבערגעבליבען נאָר דער איינציגער נאָמען נח, און ניט מעהר, ווייל עס איז ניט געבליבען ווער עס זאָל איהם אַנדערע נעמען רופען.



# לך לך

12

## לוט האָט נישט געהאַלטען פון פראַהיבישאָן

„וישא לוט את עיניו וירא את כל ככר הירדן כי כלה משקה, ויבחר לו לוט את כל ככר הירדן“.

ווי עס ווייזט אויס, האָט לוט ניט אַזוי שטאַרק געהאַלטען פון פראַהיבישאָן. אדרבה, אויף צו באַזעצען זיך האָט ער געזוכט אַזאַ מדינה, וואו מען קען קריגען גוטע „משקה“ און אַז מען זוכט — געפינט מען. „וישא לוט את עיניו“, אַז לוט האָט אויפגעהויבען זיינע אויגען „וירא את כל ככר הירדן“, האָט ער גלייך דערזעהן אַ גאַנצען ירדן פול מיט משקה... איז איהם דאָס אָרט שטאַרק געפעלען געוואָרען, ווייל כי כלה משקה, און דאַן האָט ער באַלד באַשלאָסען דאָרט צו באַזעצען זיך, „ויבחר לו את כל ככר הירדן“.

13

## שוסטערס און שניידערס

„אם מחוט ועד שרוך נעל, אם אקח מכל אשר לך, ולא תאמר: אני העשרתי את אברם“.

אונזערע שוהל-מעמבערס, די אויפגעקומענע שניידער און שוסטער, וועלכע האָבען אַ נאַטור צו קריטיקירען זייערע רבנים און זוכען עוולות ביי זיי, האַלטען אין איין באַריידען זיי, דאָס זיי זיינען פאַרמעגליך און רייך. טאָמער מאַכט זיך, דאָס אַזאַ מעמבער מאַכט אַ „בעבור שנדר“ פאַר׳ן רב, דאַן קען זיך שוין דער אָרימער רב זיך קיינמאָל ניט אויסקויפען פון איהם. ווי עס ווייזט אויס האָט אויך אַברהם געהאַט צו טאָן מיט אַזעלכע שניידער און שוסטער מעמבערס, און דעריבער האָט ער זיך ענטזאָגט אָנצונעמען די מתנה פון מלך סדום.

„ניין!“ האָט אַברהם ביי זיך געטראַכט. „עס לוינט זיך ניט צו נעהמען מ„חוט“ ועד „שרוך נעל“ פון שניידערס און שוסטאַרעס, וואָס נאָכדעם זאָלען זיי מיר האַלטען אין איין אויפוואַרפען: „אני העשרתי את אברם“...

14

## אימיגראַציע העלפט צו אַססימילאַציע

„לך לך וגו׳ ואעשך לגוי גדול״.

די הבטחה איז פּינקטליך דערפילט געוואָרען. אז מען לערענט מיט אידען די סדרה „לך לך״ און זיי מוזען אויסוואַנדערען פון פּוילען, רומעניען און גאַליציען, איז קומענדיג קיין אַמעריקא ווערט באַלד מקויים די צווייטע הבטחה „ואעשך לגוי גדול״. דאָ, אין אמעריקא, ווערען אידישע קינדער „גוים גדולים״...



15

## אַ נעמער איז ניט קיין געבער

„ומלכי צדק מלך שלם הוציא לחם ויין, והוא כהן לאל עליון; ויברכהו״ וגו׳. דאָ פרעגט זיך: וואָרום האָט דער פּסוק אין מיטען אָפּגעהאַקט? ריכטיגער וואָלט דאָך געווען ווען עס וואָלט געשטאַנען: „ומלכי צדק מלך שלם והוא כהן לאל עליון הוציא לחם ויין ויברכהו״?

**די וועלט זאָגט אַ ווערטעל: „אַ נעהמער איז ניט קיין געבער״.** אויב עס טרעפט זיך אַמאָל אין אַ יובל דאָס אַ נעמער נעמט עפּעס אויף צדקה, ווערט דאָס פון אַלעמען באַטראַכט פאַר אַ וואונדער און די צייטונגען רעדען איבער דעם, באַשרייבען דאָס אַלס אַ גרויסע נייעס. דאָס זעלבע איז אויך מיט מלכי צדק. מלכי צדק איז ניט נאָר אַ קעניג געווען, נאָר אויך אַ כהן, און אַ כהן, ווי באַוואוסט, איז אַ נעהמער און ניט קיין געבער. און אויב עס האָט שוין איינמאָל פּאַסירט, דאָס אַ כהן זאָל אויך געבען, האָט מען דאָס טאַקע געמוזט שטאַרק באַטאָנען, כדי דער וואונדער זאָל זיך שטאַרק אָנזעהן. דער־ריבער קומט טאַקע פאַר אַ הפסקה אין זיינע טיטולען. וואָרים פון דעם „ומלכי צדק מלך שלם״, איז קיין חידוש ניט וואָס ער האָט אברהמ׳ען אַנטקעגען געטראָגען „לחם ויין״. וואָס פאַר אַ נייעס איז דאָס, אַז אַ קעניג איז מכבד אַ גאַסט מיט ברויט און וויין, אָבער ווען „והוא כהן לאל עליון״, ווען אַ כהן, אַ נעהמער, ניט קיין געבער, ערלויבט זיך אַרויסצוטראָגען ברויט מיט וויין — אַזאַ זאַך איז שוין אַ חידוש וואָס מען באַדאַרף פאַרשרייבען אַלס וואונדער.



# וירא

16

## אַ גנב שלאָגט מען

„והוא יהיה פרא אָדם ידו בכל, ויד כל בו". ער וועט זיין אַ ווילדער מענש, אַ טרעמפּ און פּיק־פּאָקעט גנב. „ידו בכל", זיין האַנט וועט קריכען אין אַלע פּאַקעטס, דעריבער „יד כל בו", אַז מען וועט איהם כאַפּען וועט אַלעמענס הענט זיין „בו", ער וועט פון זיי ווערען געשלאָגען און כאַפּען קלעפּ.

17

## שווער צו זיין אַ רשע

„אולי יש חמשים צדיקם". וויפיעל מאָל אין זיין תפילה איז דערמאָנט דאָס וואָרט „צדיקים", איז דאָס אָהן אַ „יוד"—„אולי יש חמשים צדיקם" און אַזוי יעדעס מאָל, ווייל אין יענע צייטען איז זעהר שווער געווען צו זיין אַ צדיק, ווייל אַ צדיק האָט מען גערופען יענעם, וואָס איז ביז האַלבע נאַכט געזעסען און געלערענט, האָט קיין שיחות־חולין ניט גערעדט און אָפּגעהיט יעדע מצוה פון דער תורה. מען האָט געמוזט זעהר שווער אַרבייטען ביז מען האָט דערגרייכט דעם טיטול „צדיק".

דאַגעגען, צו ווערען אַ רשע איז געווען איינע פון די גרינגסטע און לייכסטע זאַכען. האָט איינער נאָר בפרהסיא געטראָגען אַ טיכעל אום שבת, האָט מען איהם שוין גערופען „רשע". אַ צדיק האָט גע־מוזט זיין אַ „מלא וגדוש", פול מיט תורה, יראה, מצוות און מעשים טובים, און דעריבער איז דער וואָרט צדיקים דאָן געווען „מלא", מיט צוויי „יוד'ן".

היינט צו טאָג הייסט אַ צדיק ווען ער פיהרט נאָך אַ כשר'ע הויז, ווען ער האָט נאָר געלעגט תפילין, איז מען איהם מספּיד פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַ פאַרצייטיגער צדיק גמור. עס איז דעריבער היינטיגע צייטען זעהר לייכט צו זיין אַ צדיק, פיעל לייכטער ווי אַ רשע. אַ רשע מוז זיך נעבאַך גוט אָנהאָרעווען. איידער ער ווערט מיט דעם נאָמען רשע אָנגערופען, מוז ער אויפעסען אַ צעהן פונט

חלב מיט טשוועקעס. ער ווערט פון זיינע זינד אזש גרין און געל, ווערט אָן אַלע קרעפטען זיינע, בשעת די היינטיגע צדיקים, פּונקט ווי די צדיקים פון סדום, האָבען זעהר לייכט זייער נאָמען באַקומען. זיי אַלעמען האָט געפּעהלט — עס האָט אין זיי געפּעהלט דער יו"ד, און דעריבער האָט זיי טאַקע אַלץ געפּעהלט. און דערפאַר איז דער „צדיקים" שטענדיג אַ חסר, ווייל וואָס זאָל מען מיט זיי מאַכען, אויב היינטיגע צייטען רופט מען זיי צדיקים...

## חיי שרה

### 18

### עפרון איז נשט געווען מלא

„ועפרון ישב", מאַכט רש"י: עפּעס פעהלט אין די צוויי ווער־טער „ועפרון ישב" (דאָס איז דער ואו אין ישב), אָבער די תורה דערצעהלט אונז דאָ אַן אינטערעסאַנטע שטיקעל נייעס, דאָס אַלע חברה קדישא גבאים זיינען מלא, און עפרון, דער ערשטער חברה קדישא גבאי איז געווען חסר...

### 19

### פון לויפען ווערט מען בלינד

„ולרבקה אח ושמו לבן, וירץ לבן אל האיש" וגומר. רש"י: „למה רץ ועל מה רץ? נתן עיניו בממון".

רש"י'ס פראַגע איז דאָ עפּעס ניט קלאָר. וואָס איז דאָ דער וואונ־דער צוליעב וואָס און וואָרום ער איז געלאָפען, עס שטעהט דאָך בפירוש „וירץ לבן אל האיש"?

מיר וועלען דאָס פאַרענטפערען מיט אַ גמרא. אין תענית ווערט געבראַכט: פון לויפען ווערט ביי דעם מענשען צוגענומען פינף הונ־דערט חלקים פון זיין ראיה. פון דעם איז רש"י'ס פראַגע „למה רץ?" שוין פאַרשטענדליך. אז מען האַלט שטענדיג אין איין לויפען, וועט מען דאָך ווערען בלינד, היינט וואָס זשע לויפסטו אזוי, דו לבן? אָבער

וויבאַלד „נתן עיניו בממון“, עס אַרט איהם ניט וואָס ער וועט בלינד ווערען, אַבי געלט צו באַקומען. באַלד ווי לבן האָט געזעהן, דאָס פאַר אַ טרונק וואַסער האָט אליעזר רבקה׳ן געגעבען אַזאַ ווערטפולע מתנה, היינט וויפיעל וועט ער פון איהם שוין באַקומען, אויב ער וועט איהם ברענגען צו זיך אין הויז, וועט איהם געבען עסען און נאַכטלעגער!...



## 20

## לבן האָט אַרויסגערייניגט דאָס הויז פון עבודה זרה

„ויאמר, בא ברוך ד׳, למה תעמוד בחוץ ואנכי פניתי הבית ומקום לגמלים“.

לבן האָט שוין גענומען לויפען זוכען אליעזר׳ן, אָבער רבקה האָט מיט איהרע רייד דאָס דער מאַן האָט געפרעגט: „היש בית אביך מקום ל נ ו, ללון“? שטאַרק באַטאָנט דעם ל נ ו, און גע־געבען אָנצוהערען, דאָס דער מאַן וועט ניט שלאָפען אין אַ הויז וואו עס געפינט זיך עבודה־זרה. לבן האָט אויף גיך גענומען אויסראַמען די הויז, האָט אַלע געטשקעס אַריינגעטראָגען אין שטאַל, און טרע־פענדיג אליעזר׳ן האָט ער איהם גלייך געזאָגט: „פניתי הבית“ — באַ־דאַרפסט גאָר קיין מורא ניט האָבען פאַר עבודה זרה, און טאָמער ווילסטו וויסען וואו איך האָב אַהין געטאָן מיין גאָט? זאָג איך דיר: „ומקום“ — מיין גאָט (מיט דאָס וואָרט „מקום“ מיינט מען גאָט, ווייל גאָט איז דער מקומו של עולם, ווי ברוך המקום, ברוך הוא, אין הגדה של פסח), „לגמלים“ איך האָב איהם אַריינגעטראָגען אין שטאַל, דאָרט וואו די חמורים געפינען זיך.



## 21

## קינדער געראָטען אַריין אין דער מאַמעס ברידער

„אחותנו את היי לאלפי רבבה“. ווי עס ווייזט אוים האָט לבן געוואוסט דעם מאמר חז״ל: „רוב בנים הולכים אחרי אחי האם“ (די מעהרסטע קינדער זיינען געראָטען אין די מוטערס ברודער) און בענשענדיג רבקה׳ן האָט ער אין זינען געהאַט, דאָס איהרע קינדער זאָלען זיין געראָטען אין איהם, לבנ׳ען, און ניט אין יצחק׳ן.

22

## פּוסטע דרשות

„גם תבן גם מספּה „רב״ עמנו״.

איך האָב אַנומעלטען פאַרבלאָנדזשעט אין אַ רעפאָרמירטען טעמ־פּעל און געהערט זייער רב דרש׳ענען. אַז מען האָט מיר געפרעגט אַ מיינונג אויף זיין דרשה, האָב איך געזאָגט: אויף אייך איז מקויים געוואָרען דער פּסוק „גם תבן וגם מספּה״ וואָס איהר הערט זיך געננוג אָן פון אייער „רב״, און אויך האָט איהר אייערע אייגענע „תבן ומספּה״ צו פאַרדאַנקען דעם „רב עמנו״...

23

## איז מקבר די „אַלטע״ און קוקט אויף „יונגע״

„לספּוד לשרה ולבכותה״.

וואָרום איז דער כ׳ פון „ולבכותה״ אַ קלײנער? היינטיגע צייטען, ווען אַ מאַן באַקלאָגט זיין אַלטיטשקע, וואַרפט ער שוין בשעת מעשה אויגען אויף אַ יונגיטשקע. דער קלײנער כ׳ איז אָבער אַן עדות דאָס אברהם איז קיין בת כ׳ ניט געלעגען אין זינען, און בשעת ער האָט זיין בת ק׳, שרה׳ן, מספּיד געווען, האָט ער אויף איהר אַזוי שטאַרק געטרויערט, דאָס די יונגע מיידעל, די בת כ׳, האָט ער אפילו ניט אַנגעזעהן.

24

## פאַרהיט זיין זוהן פון אַ שוויגער

„פּן תשיב את בני שמה״.

פון דעם איז צו זעהן די גרויסע חכמה פון אונזער פאָטער אברהם, ער האָט זיין זוהן געוואָלט פאַרהיטען פון אַ שוויגער...



# תולדות

## 25

## אנטלויף פון אַ שלעכטען חבר

„ויתרוצצו הבנים בקרבה".

פּאַרטייטשט רש"י: בשעת זי איז פאַרבייגעגאַנגען אַ שוהל האָט יעקב זיך געשפּאַרט אַרויסצוגעהן; אַ קלויסטער — האָט עשו זיך גע־שפּאַרט אַרויסגעהן.

איז דאָך די קשיא: מילא וואָס עשו ראַנגעלט זיך אַזוי אַרויס־צוגעהן, איז קיין וואונדער ניט. ער האָט דאַרט ניט קיין גוטען מלמד. אָבער וואָס לויפסטו, יעקב? דו, יעקב, ווייסט דאָך יאָ די גמרא אין נדה: „נר דולק על ראשו ומלמדין אותו כל התורה כולה" (איבער'ן קינדס קאָפּ ברענט אַ ליכט און מען לערנט מיט איהם די גאַנצע תורה); דו, יעקב, וואָס דו ביזט דער עמוד התורה, און ווייסט וואָס לערנען באַטייט, וואָס יאָגסטו זיך אַזוי שטאַרק? וואָס, דו וועסט אפשר אויף דער וועלט קריגען אַ בעסערען מלמד? דוכט זיך, דאָס אַזאַ מלמד ווי דער מלאך גבריאל וועסטו ניט געפינען אפילו אין בית־המדרש פון שם ועבר!

טענה'ט אָבער יעקב: וואָס העלפט עס וואָס איך האָב אַזאַ טייערען רבי'ן, אַז מיינע חברים זיינען שלעכטע. אויב איך געה מיט עשו הרשע אין איין חדר, קען עפּעס זיין גוט?

אָט דער אַרגומענט איז זעהר ריכטיג צוגעפּאַסט צו אונזערע קינדער אין אמעריקא, וואָס פון ניין אין דער פריה ביז דריי נאָך מיטאָג געהען זיי אין חדר מיט עשו הרשע, טאָ וואָס קען שוין ווערען אפילו פון די בעסטע קינדער? כל־זמן אונזערע קינדער וועלען ניט האָבען אַ סקול מיט אַ חדר צוזאַמען, איז ווייניג האָפנונג עפּעס צו ערוואַרטען פון זיי.



## 26

## נאַכטאָהן איז אַ מיאוס'ה מדה

„וידו אוחזת בעקב עשו".

די בני יעקב טהוען נאָך ווי מאַנקים די מנהגים פון עשו. זיי געהען אַזוי לאַנג נאָך עשו'ס טריט, ביז זיי דערפיהלען דאָס עשו אליין

איז פון דעם ניט צופרידען. אז מען הייסט זיי נעהמען דעם וועג, לויפען זיי פאַרשעמטערהייט צוריק, כדי צו מקיים זיין „וישיבו על „עקב" בשתם".



## 27

## שטעלען זיך אוים פאַר די גוים

„הוי גביר לאחיך".

אונזערע גבירים זיינען וועניג וואָס מקיים וואָס יצחק האָט זיי אָנגעזאָגט. אָנשטאָט צו זיין אַ „גביר לאחיך", באַווייזען זיך אונזערע רייכע לייט מיט זייער גאַנצען פּראַכט צו די אומות העולם, און פון אידישע אינטערעסען וויכען זיי.



## 28

## וואָס צופיעל איז איבעריג

„והיה כאשר תריד ופרקת עולו".

מיר אידען האָבען תרי"ג, זעקס הונדערט מיט דרייצעהן מצות. פיעלע אידען אָבער האַלטען אויך פון אַ פערצעהנטע מצוה, אַזוי דאָס מיר האָבען זעקס הונדערט און פערצעהן מצות. די פערצעהנטע מצוה באַשטעהט אין באַגראָבען איינער דעם צווייטען (זעלבסטפאַרשטענדליך דאָס מיר מיינען אַ לעבעדיגען, ניט קיין בר־מנן!), רודפ'ען יענעם — אָט דאָס איז אַ מצוה! אָט דֵי דאָזיגע מצוה האָט אונז פון אונזער לאַנד פאַרטריבען, מיר זיינען אין גלות און ליידען אַלע צרות. און דאָס האָט שוין יצחק געזעהן אין פאַראוים און דאָס האָט ער געמיינט זאָגענדיג עשו'ן: „והיה כאשר תריד ופרקת עולו". קיין ברכות פאַר דיר האָב איך ניט. דאָס האָט דיין ברודער יעקב אויסגעכאַפּט. אָבער וויסען זאָלסטו, דאָס כל־זמן דיין ברודער וועט זיך האַלטען אין תרי"ג מצות, וועסטו איהם גאַרניט קענען טאָן. אָבער גלייך ווי דו וועסט זעהן, דאָס ער האַלט שוין פון תרי"ד, ער האָט שוין אַ פערצעהנטע מצוה, די מצוה פון באַגראָבען יענעם, דאַן איז די צייט פון „ופרקת עולו מעל צוואריך".



# ויצא

29

## לויט׳ן טומעל דערקענט מען אַ שוהל

„ויירא מאד ויאמר: מה נורא המקום הזה, אין זה כי אם בית אלהים".

ביי אונז אין ניו־יאָרק, געפינען זיך, גאָט צו דאַנקען אַ סך שוהלען און שוהלכלאַך, איבערהויפּט אין נאָרפאָלק, סאָפאָלק און אָרטשאַרד סטריט, וואָס קיין גרויסע אָרדענונג איז אין זיי ניטאָ. די מעמבערס רייסען זיך דאָרטען אַרום, און בשעת׳ן דאַוונען טומעלט זיך דאָרט זעהר שטאַרק: דער לויפט אַרום, אַ צווייטער שאָקעלט זיך, אַ דריטער רויכערט און דער פערטער שמועסט מיט אַ פינפטען, און אַזוי ווייטער. דאָס איז די אַלגעמיינע פיהרונג פון אונזערע אידען אין די שוהלען. יום־טוב, בשעת דער חזן האַלט אין מיטען פון חזרת הש"ץ, אָדער בשעת מען לייענט די תורה, שטעהען פיעלע אין פּאָליש, רויכערען און דעבאַטירען צווישען זיך. אז יעקב האָט אין דעם פלאַץ געזעהן אַזאַ אומאָרדנונג — איין מלאך לויפט אַרויף און דער צווייטער ני־דערט אַרונטער, האָט ער פון טומעל פאַרשטאַנען, אַז דאָ מוז געווים זיין גאָטס הויז — אַ שוהל, און ער האָט געזאָגט: „מה נורא המקום הזה!" וואָס שרייט מען דאָ, וואָס טומעלט זיך דאָ אַזוי שטאַרק. פון דער אומאָרדנונג זעה איך, דאָס „אין זה"" אַז דאָ איז ניט אַנדערש „כי אם" נאָר אַ „בית אלהים", אַ שוהל אָדער אַ בית־מדרש, און עס איז שוין רעכט פאַר וואָס עס טומעלט זיך.

30

## „גאָט׳ס גנב"

„למה גנבת את אלהי?"

היינטיגע חברה רופען אַ פרומען אידען מיט׳ן נאָמען „גאָטס גנב". דאָס האָבען זיי געלערענט פון לבן הארמי. ער איז דאָך געווען דער ערשטער צו רופען יעקב׳ן מיט דעם דאָזיגען נאָמען. מיט דעם „למה גנבת את אלהי" האָט ער דאָך דערוויילע איהם אָנגערופען „גאָטס גנב".

31

## האָט זיך דערשראָקען פאַר אַ געשלעג

„ויאמר יעקב לאחיו לקטו אבנים, ויקחו אבנים ויעשו גל".

אין דער צייט וואָס לבן איז געשטאַנען נעבען יעקב'ן און זיך געטשעפּעט צו איהם, האָט יעקב זיך אָנגערופען צו זיינע „אחיו", ד. ה., די גוטע פריינד, וועלכע האָבען געהאַלטען מיט איהם: ברי־דער! איך זעה אַז דאָ וועט קומען צו אַ געשלעג, טאָ זייט זשע גרייט: „לקטו אבנים!" קלויבט צונויף שטיינער, כדי מיר זאָלען קענען געבען קלעפּ. עס קען טאַקי זיין, דאָס לבן, זעהענדיג פלוצלונג אַ גאַנצען „גל אבנים", האָט ער זיך איבערגעשראָקען און גענומען רעדען געלאַסענער.



32

## אַנטיסעמיטיזם אַ רפואה צו אידישקייט

„ויעקב קרא לו גלעד".

מיט דעם האָט אונז יעקב מרמז געווען אויף שפּעטער: זייט וויסען אידען, דאָס מען וועט אייך אין קיין לאַנד קיין רעכט ניט געבען, מען האָט אייך אין ערגעץ ניט ליעב און אומעטום וועט מען אייך האַסען. אפילו אין אַזאַ פרייער לאַנד ווי אַמעריקא, דאָ וואו די געזעצען זיינען פאַר אַלעמען גלייך, איז אויב איהר וועט זיך פאַר־געסען דאָס איהר זייט אַ איד, וועלען אייך די „לויפערס" פּאַרוואַרפען מיט שטיינער דערמאַנען אייך אָן אייער אידישקייט. דער „גל־עד", דער באַרג שטיינער וועלכען מען וואַרפט אייך אין קאָפּ, וועלען שטענ־דיג עדות זאָגען דאָס איהר זייט אידען.

---

# וישלח

33

## אַ לעבען פאַר צווייען

„כי במקלי עברתי את הירדן הזה ועתה הייתי לשני מחנות".

אין פּוילען, רומעניע, מאַראָקאָ און אַנדערע לענדער שלאָגט מען אונז, מען מאַכט אויף אונז פּאָגראָמען, מען קוילעט און מען שענדעט

אונזערע טעכטער, האבען מיר געמוזט „אריבער דעם ירדן" און רא־טעווען זיך אין אמעריקא. אבער איידער א איד איז ביכולת אריבער־צוברענגען זיין פאמיליע מוז ער אויסהאלטען צוויי מחנות: מוז מפרנס זיין ווייב און קינדער און מוז צאהלען פאר „רום און „באארד" די מיסעס אין אמעריקא. און אויף דעם קלאגט טאקע יעדער גרינער: „ועתה הייתי", קוקט זיך צו וואס פון מיר איז געווארען אויב איך מוז הארעווען פאר „שני מחנות", מוז מאכען א לעבען פאר צוויי פאמיליעס.



34

## א כלב האט קיין שייכות צו מנחה

„מנחה לעשו".

פיעלע מאל קענט איהר הערען, ווען מען רופט איינעם צו דאווגען מנחה, זיך ארויסדרעהענדיג מיט א שמייכעל: „מנחה לעשו". אויף אזעלכע מענשען איז ריכטיג צוגעפאסט אן אלט באקאנטער וויץ. יעקב האט צו עשו'ן געשיקט צוויי הונדערט ציגען, צוואנציג בעק, צוויי הונדערט שעפסען, צוואנציג בעראנען — א גאנצע סטאדע! אזוי פיעל בהמות, ווי שיקט מען ניט עטליכע הינט מיט זיי? אבער ווי באלד דאס איז געווען א מנחה, האט שוין יעקב ניט געקענט שיקען קיין הינט — כלבים דאווגען דאך ניט קיין מנחה, און אז עס טרעפט זיך אמאל מען בעט איינעם משלים זיין א מנין, ענטפערט ער דאך גלייך: „מנחה לעשו", וואס רופט איהר מיר, איהר ווייסט דאך שוין פון לאנג, דאס א כלב האט מיט קיין מנחה גארניט צו טאן...



35

## ער האט א ברודער א רב

„יש לי רב אחי".

אפילו „די ריכטיגע חברה", די אפיקורסים און וואוילע יונגען, וואס מאכען חוזק פון אידישקייט, פון גאט און פון דער תורה, דאך אז איהר צורעדט זיך מיט זיי, וועלען זיי גלייך אויפווייזען זייער יחוס: דער האט א זיידען א צדיק, דער האט געהאט א ברודער א רב און אזוי ווייטער. עשו, דער ערשטער רשע, פלעגט אויך ליעב

האָבען צו באַריהמען זיך מיט זיין יחוס: „יש לי רב, אָחי!" — זעהט, מיין ברודער איז אַ רב!



## 36

### אַ אידען האָט מען פיינט

„אם תהיו כמונו להמול לכם כל זכר".

איינע פון די טעמים וואָס די שבטים האָבען פון די מענשען פון שכם געפאָדערט זיך צו מל זיין, איז ווייל אַ אידען האָט מען פיינט און אויב מען וועט זיך דערוויסען דאָס זיי האָבען זיך מל געווען, וועט מען זיי האַלטען פאַר אידען, און קיין שום אומה וועט זיי ניט קומען צו הילף און מען וועט זיי לייכט קענען באַזיגען.



# וישב

## 37

### ווי מען באַצאהלט אַזוי איז מען פותר חלום

„ויספר שר המשקים את חלומו ליוסף" וגו׳. „וירא שר האופים כי טוב פתר" וגו׳. „אף אני בחלומי".

ויספר איז דער טייטש „ער האָט דערצעהלט", אָבער עס קען אויך מיינען געציילט, געציילט „מטבעות" אין יוסף׳ס האַנד פאַר פותר זיין דעם חלום, דעריבער האָט ער איהם פותר געווען צו גוטען. דער שר האופים האָט אָבער ניט געוואָלט געבען קיין סענט און האָט דעם ענין געמאַכט צו קליין־געלט: „אף אני בחלומי" — וויים איך וואָס מיר האָט זיך דאָרט געדורעט אין קאָפּ. האָט זיך יוסף געטראַכט: אויב דו פוילסט זיך שוין יאָ צו באַצאָהלען, וועל איך דיר מאַכען מיט עטליכע קעפּ העכער — אויפ׳ן בוים...



# מקץ

## 38

### אויפגעפרעסען זיבען סטאָרס

„ותאכלנה הפרות הרעות" וגו'.

איז דאָס ניט א וואונדער? זיבען מאָגערע קיה עסען אויף זיבען פעטע און עס זעהט זיך גאָרניט אָן! אמת, עס איז נאָר א חלום געווען, אָבער דאָך לויט יוסף'ס פתרון איז דאָך דאָס א געטליכע זאַך געווען, הייסט דאָך, דאָס דער חלום האָט יאָ א ממשות געהאט!

צו דערקלעהרען דעם וואונדער, וועל איך אייך דאָ דערצעהלען א פאַקט, וואָס האָט פאַסירט דאָ אין ניו־יאָרק. איך בין אמאָל געווען געלאַדען צו א בר־מצוה ביי א גרויסען גביר, א איד וואָס האָט פאַר־מאָגט זיבען גרויסע סטאָרס און מען האָט איהם געשאַצט אין די הונדערט טויזענטע דאָלערס. די פרוי זיינע האָט מיר געגומען דער־צעהלען פון איהרע גרויסע הוצאות, די טייערע קליידער און מעבעל וועלכע זי פאַרמאָגט, די דינסטען, די אויטאָמאָבילען, לוסט־רייזעס, די פיעל צדקה וואָס זי טיילט און אנדערע אויסגאַבען. זי האָט מיר באַוויזען זיבען קליינע דינינקע ביכעלאַך, אין וועלכע די אלע הוצאות איהרע זיינען פאַרשריבען געווען. באַטראַכטענדיג לאַנגזאם די גרויסע הוצאות וואָס די דאָזיגע פרוי ברענגט אוים, האָב איך צו זיך געזאָגט: איך האָב מורא, דאָס די זיבען קליינע ביכעלאַך איהרע וועלען איינ־שלינגען די זיבען גרויסע ביכער צוזאַמען מיט איהר מאַנס זיבען סטאָרס. אין א האַלב יאָהר אַרום האָט דאָס טאַקע פאַסירט. צוליעב זיין ווייבס גרויסע הוצאות איז דער מאַן געגאַנגען באַנקראָט. היינט אויב זיבען קליינע ביכעלאַך האָבען געקענט איינשלינגען זיבען גרויסע סטאָרס, טאָ וואָס איז דאָ זיך צו וואונדערען וואָס די זיבען מאָגערע קיה האָבען איינגעשלונגען די זיבען פעטע?



# ו י ח י

39

## מגידים וואָס ווייסען אַ קרענק

„ויאמר ליוסף: הנה אביך חולה".

מאַכט רש"י: „אחד מן המגידים"—ד. ה. איינער איז געקומען אנזאָגען יוסף'ן דאָס זיין פאָטער איז קראַנק. פון דעם איז געדרונגען, דאָס עס זיינען דאָ מגידים, וואָס ווייסען אַ קרענק.

40

„יהודה אתה יודוך אחיך".

יהודה! דיין נאָמען וועט קיינמאָל ניט אָפּשטאַרבען! אפילו רעפאָרמער, וואָס האַלטען גאַרניט פון אידישקייט, וואָס אין אַלץ פּיהרען זיי זיך פּונקט ווי גוים, דאָך אַז מען פרעגט זיי פון וועמען זיי שטאַמען, ענטפערען זיי מיט שטאָלץ: „יהודי!"—פון נאָמען יהודה. „יהודה, אתה יודוך אחיך!" מיט דיין נאָמען וועלען אַלע זיך ריהמען און שטאָלצירען: „יהודי אני!"

# ב א

41

## אַ תרופה אַז אידען זאָלען זיך ניט אומקעהרען קיין מצרים

„ושאלה אשה משכנתה ומגרת ביתה".

דאָס האָט גאָט געהייסען זיי לייהען, כדי די אידען זאָלען באַקומען באַצאָהלט פאַר די לאַנגע יאָהרען וואָס זיי האָבען געאַרבייט אומזיסט. אָבער דאָס איז אַ פראַגע, צו וואָס האָט דער אויבערשטער געמאַכט דאָס זיי זאָלען באַצאָהלט ווערען דווקא אויף אַזאַ וועג? דער

תירוץ איז: גאָט האָט געוואָלט דאָס די אידען זאָלען זיך ניט מעהר אומקעהרען קיין מצרים, און אויב מען וועט זיי דאָס פאַרבאָטען, וועט דער יצר הרע זיי דוקא רייצען און זיי וועלען ניט פאָלגען גאָטס געבאָט. איצט אָבער, ווען די אידען זיינען אַרויס פון מצרים האָבען זיי אָנגעליהען אַזוי פיעל געלט, זילבער און קליידער, וועלען זיי שוין אַליין ניט וועלען זיך אומקעהרען קיין מצרים, כדי ניט צו באַצאָהלען די חובות.

## בשלח

### 42

### שלעכטע געשעפטען — האַק אָפּ

„ואם לא תפדה וערפתו".

דאָס איז אַ וואונק צו ביזנעס־לייט. אויב איינער זעהט דאָס עס לייזט זיך ניט, דער געשעפט ברענגט ניט קיין פדיון, זאָל ער גלייך זעהן אָפּהאַקען די ביזנעס. „ואם לא תפדה" — דו לייזט ניט, „וערפתו" — האַק אָפּ וואָס שנעלער!

## יתרו

### 43

### זיבען טעכטער זיבן באַנקראָטען

צו וואָס האָט יתרו געדאַרפט האָבען זיבען נעמען? אויב אַ פאָטער איז געבענשט מיט זיבען דערוואַקסענע טעכטער צו חתונה מאַכען, איז גאָר קיין וואונדער ניט, וואָס ער האָט זיבען נעמען, ווייל צו יעדער חתונה מוז ער באַזונדער באַנקראָטירען און אַן אַנדער נאָמען אָננעהמען. זיבען טעכטער — זיבען באַנקראָטען!

# מ ש פ ט י ם

## 44

### „דערוויטער" זיך פון א ליגען

„מדבר שקר תרחק".

די יעניגע רבנים, וועלכע גיבען הסכמות אויף וואסער א ספר עס מאכט זיך זיי, און קארגען ניט צו געבען דעם מחבר די גרעסטע טיטולען, ווי: „הרב הגדול", „החכם הגדול", „דרשן מפורסם" און אנ־דערע גוזמאות, איז א יושר דאס צווישען די הסכמה און זייער אונ־טערשריפט זאלען זיי לאזען א היבש ליידיגען פלאץ, צו מקיים זיין „מדבר שקר תרחק". נאך אזעלכע אנגעשריבענע ליגענס מוז מען דאך כאטש א קליין ביסעל אפרוקען זיך.

# ת ש א

## 45

### אז מען דארף בעצאהלען שטופט מען זיך נישט

„כי תשא את ראש בני ישראל לפקודיהם, ונתנו איש כופר נפשו לד' בפקוד אותם ולא יהיה בהם נגף בפקוד אותם".

אז גאט האט משה'ן געהייסען ציילען די אידען, האט ער גע־וואוסט דאס עס וועט ווערען א גרויסער געדראנג, מען וועט זיך שטופען און שטויסען צו זיין פון די ערשטע, ווייל אלע אידען האבען חשק צו שלישי, ששי, אחרון און מפטיר, כדי צו פארהיטען פון ענג־שאפט און סכנה, האט דער אויבערשטער געגעבען משה'ן אן עצה צו הייסען יעדען איינעם באצאהלען אויסלייז־געלט, און אז מען באַ־דארף צאהלען געלט, דא וועט מען שוין ניט זוכען צו פארכאפען צו זיין פון די ערשטע און זיך ניט שטופען און שטויסען זיך. „כי תשא את ראש בני ישראל — לפקודיהם", ווען דו ווילסט וויסען זייער צאהל, גיב ארויס א באפעהל דאס „ונתנו איש כופר נפשו לד' בפקוד אותם", אז יעדער איינער זאל ברענגען אויסלייז־געלט און ציילען זאלסטו ניט זיי, נאר די האלבע טאלערס זייערע און דאן זיי זיכער דאס „ולא יהיה בהם נגף", עס וועט ניט קומען צו קיין געדראנג, זיי וועלען ניט לויפען צו זיין פון די ערשטע.

## 46

## געבען איז אַן אײדעלע זאַך

„זה יתנו כל העובר על הפקודים".

אַז מען זאָגט אַ אידען „זה יתנו", אַט אַזוי פיעל גיב, איז „כל העובר", דרעהט ער זיך אַרויס פון כלל. וואָס עפּעס גיט מען מיר אַ באַפעהל אַזויפיעל צו געבען?



## 47

## פרומקייט און צדקה זיינען צוויי באַזונדערע זאַכען

„זה יתנו כל העובר על הפקודים".

צווישען אונזערע פרומע אידען געפינען זיך אַזעלכע, וואָס זיינען ווייט צו געבען צדקה. דאַגעגען די וואָס זיינען עובר על כל התורה, זיינען דוקא גרויסע בעלי־צדקה. אומעטום באַלאַנגען זיי, אין אַלע צדקה־אַנשטאַלטען געפינט מען זיי בראש. און דאָס מיינט: „זה יתנו" — אויך געבען געלט זיינען די וואָס „כל העובר על הפקודים" — די יעניגע וואָס פאָלגען ניט די געבאָטען פון דער תורה.



# ויקהל

## 48

## נישט אַלע אופנים פון צדקה געבען זיינען כשר׳ע

„ויבאו כל החכמים וגו׳ ויאמרו אל משה: מרבים העם להביא וגו׳ ויצו משה ויעבירו קול במחנה: איש ואשה אל יעשו עוד מלאכה לתרומת הקודש. ויכלא העם מהביא".

אַז מען האָט אָנגעזאָגט משה׳ן דאָס דער נאַראַד, דער פּראָסטער עולם, דער עם (עם מיינט דער ערב רב), ברענגט צופיעל, האָט ער גלייך פאַרשטאַנען די אורזאַכע פון זייער רייסען זיך צו געבען וואָס מעהר, ווייל די מיידלאַך מיט די יונגעלייט, די ווייבלאַך מיט די מענער האָבען זיך דאָ צונויפגערעדט צוזאַמענזאַמלען געלט, און דאָס

מיינט „מן הסתם“ איינארדנען בעלער, טענץ און געווים אויך „פאר־טים“, וואו „אנשים ונשים“ זיצען גאנצע נעכט צוזאמען און שפילען אין קארטען. אז משה האט דערזעהן, דאס דער יצר־הרע האט אין דער מצוה א גרויסען חלק, אז עס האלט שוין פון „ויבאו האנשים על הנשים“, האט ער געמאכט אן ענדע און ארויסגעגעבען א באפעהל דאס „איש ואשה אל יעשו עוד מלאכה לתרומת הקודש“, מענער און פרויען צוזאמען זאלען אויפהערען קלייבען געלט. אויב זיי ווילען, קענען מענער באזונדער און פרויען באזונדער נעהמען נדבות פאר דער הייליגער ארבייט. און טאקע דעריבער איז גלייך „ויכלא העם מהביא“ — דער נאראד האט זיך גלייך אפגעשאקעלט און אויפגעהערט ברענגען געלט.



## 49

## דריי ארליי סארטען געבען

„ראו קרא ד׳ בשם בצלאל וגו׳ וימלא אותו רוח אלהים וגו׳ ולחשוב מחשבות לעשות בזהב ובכסף ובנחושת“.

עס זיינען פאראן פארשידענע מדרגות אין געבען צדקה. די ער־שטע און די בעסטע זיינען די יעניגע וואס גיבען צוליעב גאטס־וועגען („לי לשמי“ — צוליעב מיין נאמען). צו אזעלכע נדיבים פארשפארט מען צו געהן בעטען. אנדערע, צו ווידער, מוז מען געהן בעטען, מען מוז מיט זיי שטארק איינ׳טענה׳ן ביז זיי גיבען, אבער אז זיי גיבען שוין איז דאס לשמה. א דריטע קלאס מענשען גיבען נאר נאך פיעל מאל געהן צו זיי, נאך פיעל בעטען און איינ׳טענה׳ן, רייסט מען ווי פון אייזערנע צוואנגען עפעס ארויס פון זיי. זיי גיבען ניט צוליעב גאט׳ס וועגען, נאר ווייל מען צווינגט זיי, מען לאזט זיי ניט צורוה. זיי גיבען, ווייל זיי קענען זיך ניט אפטשעפען. די „מלאכת הקודש“ אבער, דער משכן, האט געדארפט געמאכט ווערען פון אזא צדקה, וואס איז געגעבען געווארען „לי לשמי“ — פון גאטס נאמען וועגען און ניט צוליעב אנדערע פניות, דעריבער האט גאט באאויפ־טראגט בצלאל׳ן צו זיין דער הויפט „בעל מלאכה“. ער מיט זיין רוח הקודש וועט, ווי ער וועט נאר א קוק טאן אויף דער תרומה, וויסען מיט וואס פאר א כוונה זי איז געגעבען געווארען און וועט מיט די גאלד, זילבער און קופער פון די ערשטע געבער געברויכען אויף צו מאכען דעם ארון הקודש, פון די צווייטע — פאר דעם חצר, און פון

די דריטע — די שוועלען און אַנדערע זאַכען וואָס האָבען געמוזט זיין אין משכן, יעדע נדבה איז פאַרנוצט געוואָרען לויט די כוונה פון געבער.

# ויקרא

## 50

### מיט דער פולער האַנט

„ולקח הכהן מלוא קמצו".

אומעטום וואו עס ווערט ביי די משרתי גבוה דערמאָנט קיחה, געפינען מיר אויך דאָס וואָרט „מלוא" (אַ פולע האַנט), ווי „מלוא חפניו", „מלוא המחתה", אָבער ביי „נתינה" שטעהט נאָר „ונתן באצבעו" אָדער „והזה באצבעו". פון דעם איז געדרונגען, דאָס משרתי קודש זיינען מחוייב צו נעהמען אַ סך און ווענינ געבען, „לקיים" וואָס ד וועלט זאָגט: אַ נעמער איז ניט קיין געבער.

# שמיני

## 51

### דער כח פון אַ „בת"

„קח לך עגל בן בקר".

ביי בהמות און חיות געפינען מיר ניט דעם וואָרט בן או בת, נאָר ביי די צוויי: „בן בקר לחטאת", „בן יונה לעולה" און „בת היענה". דאָס ווייזט, דאָס איין „בת היענה" איז אימשטאַנד צו מאַכן איין בן פאַר אַ חטאת און דעם צווייטען — אַן עולה...

# ת ז ר י ע

52

## די גרעסטע אָנשיקעניש

דער פּסוק הויבט זיך אָן מיט „טומאת אשה“ און געהט אוועק ביז „נגעי אנשים“, „בגדים“ ו„בית“, צו ווייזען דאָס א „אשה טמאה“, וועלכע איז צו איהר מאַן א נגע מיט איהרע נגעי בגדים ובית, פאַר־שווענדט א סך אויף קליידער, מעבעל און אַנדערע הויז־נארישקייטען, ברענגט אויף איהם א נגע אויך אויף זיין הויט...

# מ צ ו ר ע

53

## די אייביגע נגע

„או בשתי או בערב“.

די גרעסטע נגע וואָס איז אויף אידען געקומען און זיי האָבען דאָס אויך איצט, איז צוליעב דעם „שתי וערב“ — צלם בלע"ז.

# א ח ר י

54

## שווער צו זיין אַן ערליכער איד

„בקרבתם לפני ד' וימותו“.

אַזוי איז ביי אונז אידען. די אַלע וועלכע שטעהען נעהענטער צו גאָט, ווי רבנים, דרשנים און מטיפים, שטאַרבען ממש פון הונגער, לקיים וואָס עס שטעהט געשריבען „הבכור הקרוב יומת“. נאָך זייער טויט מאַכט מען זיי שעהנע לויות, מען איז זיי מספּיד און מען רע־

כענט אוים אלע שבחים אויף זיי, אבער בשעת זיי לעבען וויל קיינער פון זיי ניט וויסען, ווייל „בקרבתם לפני ד׳“, זיי שטעהען צו נאהענט צו גאט, דעריבער „וימותו“, באדארף מען זיי לאזען אויסגעהן פון הונגער...

55

## לענדלארדס דארפען תשובה טאהן

„וכפר בעדו ובעד ביתו“.

דאס איז אן אזהרה פאר לענדלארדס צו טאן תשובה פאר זייערט־וועגען, וואס זיי באהאנדלען שלעכט זייערע טענאנטס און פאר זייער הויז — ניט רייניגען איהר ווי געהעריג און ניט געבען גענוג באַ־הייצונג.

56

## מען דארף רעדען צו פוסטע ווענט

„וכל אדם לא יהיה באוהל מועד בבואו לכפר בקודש עד צאתו“.

דאס דארף יעדער רב, יעדער דרשן ומטיף נעהמען אין זינען, דאס בשעת ער רעדט פאר׳ן פובליקום, זאל ער זיך אין זיינע גע־דאנקען פארשטעלען, דאס ער איז איינער אליין אין שוהל און קיין מענש הערט איהם ניט, וועט ער דאן ניט מורא האבען צו רעדען וואס ער וויל, און ניט דאס וואס די פארזאמעלטע ווילען.

57

## גיב אזוי פיעל ווי פאר׳ן טייוועל

„והשעיר אשר עלה עליו הגורל לעזאזל“.

צוויי גלייכע ציגעלאך, האט מען איינע אוועקגעשטעלט צו דער רעכטער האנט און די צווייטע ביי דער לינקער. פון א יארמולקע האט מען ארויסגענומען צוויי צעטעלאך וואס אויף איינע איז געווען אנגעשריבען „לד׳“ און אויף די צווייטע „לעזאזל“ און געוואָרפען גורל. די ציגעלע וואס לד׳ האט מען מקריב געווען א קרבן צו גאט

און די צווייטע פלעגט מען אוועקשיקען צום טייוועל („לעזאזל״ — האָט מיין רבי געטייטשט צום טייוועל).

איז דאָך די פראַגע: מילא צו גאָט, איז פאַרשטענדליך. די ציגעלע געהט פאַר אַ קרבן אויף צו מכפּר זיין אויף אונזערע זינד, אָבער וואָרום האָט מען אויך געמוזט האָבען אַ ציגעלע צום טייוועל? ברענגען אַ קרבן צו די שדים? — דאָס קען דאָך ניט זיין!

אָבער גאָט האָט אונז דורך דעם געוויזען דאָס איין טאָג אין יאָהר, יום־הכפּורים, מוזען מיר זיך מאַכען אַ חשבון־הנפש, און ווי אַזוי מיר זאָלען דעם חשבון־הנפש מאַכען.

יום־כּפּור, ווי באַוואוסט, ווערען אין די שוהלען געמאַכט אפילם פאַר צדקה־אַנשטאַלטען. יעדער אַנשטאַלט שיקט זיינע מענשען צו ערקלעהרען דאָס פּובליקום די וויכטיגקייט פון אַנשטאַלט, און בעטען, דאָס יעדער איד זאָל וואָס מעהר מנדב זיין, די סומע זאָל וואָס גרעסער זיין.

אויסהערענדיג די אַפּיעלס הערט דער איד ביי זיך: ווי מען לאָזט אונז ניט לעבען! מען רייסט פון טויטע און פון לעבעדיגע, עס איז פּשוט ניט צו לעבען.

האָט גאָט דעריבער געהייסען יום־כּפּור ברענגען צוויי ציגעלאַך און צוטיילען זיי גלייך אויף גלייך: לה׳ און לעזאזל, כּדי מיר זאָלען זיך באַדענקען, דאָס מיר זיינען ניט יוצא מיט אונזער צדקה געבען, אויב מיר גיבען ניט גענוג וויפיעל אונזערע קרעפטען ערלויבען.

מיט דעם „שעיר לעזאזל״ האָט אונז גאָט באַוויזען, דאָס ער פאַרלאַנגט ניט פון אונז צופיעל, נאָר ער וויל מיר זאָלען דורכ׳ן גאַנצען יאָהר געבען אויף צדקה לכל הפּחות, דאָס וואָס מיר גיבען אוים פאַר׳ן טייוועל, וואָס מיר פאַרשווענדען אויף טעאַטערס, צירקוסען, וואָדעווילס, אויף בעלער און אויף אַנדערע לוקסוסען. גאָט וויל פון אונז, דאָס מיר זאָלען פון איהם האַלטען כּאָטש „להבדיל, ווי דעם טייוול, און דאַן וועלען מיר יוצא זיין ניט מיט אַ קלייניגקייט, נאָר מיר וועלען די אַלע צדקה־אַנשטאַלטען באַצאָהלען דעם געהעריגען חוב.



# אמור

## 58

### אַ „קאָנטאָר" וויל ציילען ספירה

„וספרתם לכם וגו' עד ממחרת השבת תספרו חמשים יום".

יונגערהייט האָב איך ניט געוואוסט וואָס הייסט דאָס אַזוינס אַ קאָנטאָר, ביז איך האָב זיך באַפריינדעט מיט אַ בעל־הבית פון אַ גרויסען קאָנטאָר און בין אַמאָל צו איהם אַריין אין געשעפט.

אײדער דער בעל־הבית האָט געהאַט צייט מיך אויפצונעהמען און רעדען מיט מיר, האָב איך היבשע עטליכע שטונדען געוואַרט און גע־האַלטען און צוקוקען זיך ווי מען צעהלט געלט, מען בייט אוים רוסישע אויף דייטשע מטבעות, ענגלישע אויף פראַנצויזישע א. אַ. וו.

אַז דער בעל־הבית האָט זיך אָפּגעפּאַרטיגט און מיט מיר גענומען רעדען, פרעג איך איהם: זאָגט מיר, מיין טייערער, וואָס הייסט דאָס „קאָנטאָר"?

„איהר זיצט דאָך שוין דאָ אַ היבשע צייט, איהר זעהט מען ציילט און מען בייט געלט, מיר ציילען יענעמס און גיבען אונזערס. אָט דאָס הייסט קאָנטאָר", האָט ער מיר געענטפערט.

„אָבער וואו און ווי האַלט איהר אין ציילען?" האָב איך ווידער געפרעגט.

„אָט דאָס, מיין טייערער", האָט ער מיר געזאָגט, „טאָר מען ניט אויסזאָגען דאָס איז אַ סוד".

„אויב אַזוי", האָב איך געזאָגט, „איז דאָך אַ קאָנטאָר די זעלבע זאַך ווי ציילען ספירה. ספירה טאָר מען אויך ניט אויסזאָגען ביי וועלכער צאָהל מען האַלט און די וויפיעלטע ספירה עס וועט זיין מאָרגען. טאָמער זאָגט מען אוים, קען שוין אין דעם קיין ברכה ניט זיין און מען טאָר שוין ניט ציילען מיט אַ ברכה. די זעלבע זאַך, ווייזט אויס, איז אויך מיט אייער קאָנטאָר. קוים זאָגט איהר אוים וואו איהר האַלט אין אייער ציילען, וועט שוין מעהר קיין ברכה ניט זיין".



# בהר

59

## יאָ זיינס און נישט זיינס

„וקם הבית אשר בעיר אשר לא חמה".

שטעהן שטעהט „לא" מיטן אַ א׳ און לייענען לייענט מען מיט **א ו׳. ווען איינער קויפט א הויז פאַר פינף־און ־צוואַנציג טויזענד** דאָלער און צאָהלט נאַר איין פיער טויזענד, איז כאָטש אַלע רופען די הויז זיינע, ווייסען מיר אָבער, דאָס כל זמן ער האָט די מאָרט־גיידזשעס ניט אויסגעצאָהלט, איז אין די ביכער פאַרשריבען די נע־מען פון די ריכטיגע בעלי־בתים. דאָס איז „אשר ל א חומה", פאַר־שריבען איז דאָס אויף זיין נאָמען, כאָטש אין „קרי" איז דאָס „אשר ל ו"—רופען רופט מען עס זיין הויז.

# במדבר

60

## פאַר וואָס פרויען זיינען פּטור פון מיליטער

„מבן עשרים שנה ומעלה, כל יוצא צבא בישראל".

דעריבער זיינען פרויען פּטור צו דיענען אין מיליטער, ווייל מען קען פון זיי ניט דערגעהן זייער עלטער און אפילו א בת ק׳ וועט זיך אנגעבען פאַר א צוואַנציג יעהריגע.

# נשא

61

## צעהן דאָלער א פּאַטש

„כף אחת עשרה זהב".

אין א קריעג צווישען צוויי אידען האָט איינער דערלאַנגט דעם צווייטען א פּאַטש. דער געפּאַטשטער האָט איהם גערופען צום רב

און געפּאָדערט שאָדענערזאַץ. דער רב האָט אויסגעהערט זייערעביידענס טענות, און געפרעגט צי האָט ער איהם דעם פּאָטער גענעבען מיט איין האַנט, און הערענדיג אז יאָ, האָט ער געזאָגט דאָס ער האָט געפונען אַ רמז אין דער תורה דאָס דער שלעגער מוז באַצאָהלען צעהן דאָלער קנס. ווען די בעלי־דינים זיינען אוועק, האָבען די דיינים גע־פרעגט דעם רב, וואו געפינט זיך אין דער תורה אַזאַ רמז, האָט ער זיי אָנגעוויזען אין דער פּרשה נשא: „כף אחת", אויב ער האָט נאָר מיט איין האַנט געפּאַטשט איז דער קנס „עשרה זהב" — אַ צעהן גאָלד־שטיק.

# חוקת

## 62

## אַ פייערדיגער חשבון

„כי אש יצאה מחשבון".

ווען מען מאַכט דעם יעהרליכען חשבון און מען זעהט, אַז די ביזנעס איז ניט אַזוי גלענצענד, איז דער אָרענטליכער מענש זוכט מיטלען צו פאַרבעסערען דעם געשעפט, אָבער דער ניט־אָרענטליכער זעהט אַז דער חשבון איז הינטערשטעליג, טראַכט ער ניט פיעל און מאַכט אַ פייער...

# בלק

## 63

## וויל שטאַרבען ווי אַ איד אָבער וויל ניט לעבען ווי אַ איד

„תמות נפשי מות ישרים ותהי אחריתי כמוהו".

בלעם האָט חשק געהאַט צו שטאַרבען ווי אַ איד און געבעטען תמות נפשי מות ישרים". פרעגט מען בלעמ׳ען: אויב דיר ווילט זיך שטאַרבען ווי אַ איד, ווער־זשע אַ איד, ועסטו דאָך ממילא מוזען שטאַרבען ווי אַ איד. ענטפערט אָבער בלעם: שטאַרבען ווי אַ איד איז ניט שלעכט, אָבער לעבען ווי אַ איד איז זעהר אַ שווערע זאַך. מיר וועט בעסער זיין דאָס „ותהי אחריתי כמוהו", מיין ענדע זאָל זיין אַזאַ „מות ישרים" ווי ביי אַ אידען, אָבער ניט לעבען אַזאַ לעבען ווי ער לעבט.

## פּנחס

64

### שוחד דברים

„אבינו מת במדבר והוא לא היה בעדת קרח וגו׳. ויקרב משה את משפּטן לפני ד׳“.

עס שטעהט ניט, דאָס משה האָט ניט געוואוסט דעם דין, נאָר דאָס ער האָט ניט געוואָלט פּסק׳ענען, דאָס איז צוליעב דעם „שוחד דברים“. צלפחד׳ס טעכטער האָבען זיך צו איהם צוגע׳חנפ׳עט און געזאָגט איהם: אונזער פאָטער איז ניט געווען צווישען די, וועלכע האָבען אויף דיר געקריגט. אדרבה, ער איז געווען דיינער אַ פּאַר־עהרער, אַ פּאַטריאָט, ווי עס הייסט דאָ, אין אַמעריקא. משה האָט צוליעב דעם „שוחד דברים“ שוין מורא געהאָט אליין צו׳פּסק׳ענען און דעריבער — „ויקרב משה את משפּטן לפני ד׳“.

## מטות

65

### וואָס גרעבער אַלץ מעהר טויזענטער

„אלף למטה“, „אלף למטה“.

דער שענדליכעסטער מנהג ניט צו הייראַטען אָהן נדן האָט זיך היינט אזוי שטאַרק ענטוויקעלט, דאָס אַ פּאַרדאַרטער טרוקענער שטעקען, אַ מענש מיט אַ פּאַרטריקענטע נשמה וועט אָהן „אלף“ — טויזענד דאָלער — ניט חתונה האָבען. אַ גראָבער דעמב אָבער וויל ניט ווע־ניגער פון צעהן טויזענד. וואָס גרעבער — אַלץ מעהר טויזענדער.

## ראה

66

###ביידע טויגען ניט

„את הגמל ואת הארנבת כי מעלה גרה המה ופרסה לא הפריסו, טמאים הם לכם. ואת החזיר כי מפרים פרסה הוא ולא גרה, טמא הוא לכם“.

צווייערליי סאָרט אידען פאַרמאָגען מיר: אזעלכע וואָס זיינען „מעלה גרה" — זיי האַלטען אין זאָגען תהלים און מעמדות, אָבער זייערע הענטלאך זיינען ניט צושפּאַלטען — זיי גיבען ניט קיין צדקה. אזא איד, כאָטש ער איז „מעלה גרה", זאָגט תהלים און מעמדות, אבער ווייל „ופרסה לא הפרים", ער גיט ניט קיין צדקה, איז „טמא הוא לכם" — ער איז אומווירדיג.

אנדערע ווידער זיינען שוין גאָרניט מעלה גרה. זיי דאַווענען ניט, אָבער זייערע הענטלאך זיינען דוקא צושפּאַלטענע — זיי גיבען אַ סך צדקה. דאָך, ווייל ער איז יוצא נאָר מיט׳ן „מפרים פרסה זיין", אָבער „ולא גרה", דאַווענען וויל ער ניט, ער טוט גאָרניט פאַר זיין נשמה וועגען, איז ער „טמא הוא לכם"...

---

## תצא

67

### דער חילוק צווישען „מלמד" און „מורה"

„בן סורר ומורה".

אַמאָליגע יאָהרען האָט דער וואָס האָט מיט קינדער געלערענט געהייסען „מלמד". זיינען זיינע תלמידים טאַקע אויסגעוואַקסען למדנים. היינט אָבער רופט מען צום „מלמד" מורה, וואַקסט זיין תלמיד אוים אַ „בן סורר ומורה".



## 68

### זי לאַכט פון יוסף׳ן.

א מלמד האָט מיט זיינע תלמידים געלערענט די סדרה וישב, און דערצעהלט, ווי אזוי די ברידער האָבען פאַרקויפט יוסף׳ן און די צרות וואָס ער איז אויסגעשטאַנען ביז מען האָט איהם געבראַכט אין מצרים. דעם מלמד׳ס ווייב איז די גאַנצע צייט געזעסען און ביטער געוויינט אויף יוסף׳ס מערכה.

איבער א יאָהר האָבען די קינדער ווידער געלערענט די זעלבע סדרה און ווידער דערצעהלט יוסף׳ס צרות. די רביצין איז איצט געזעסען און הילכיג געלאַכט.

„משוגע׳נע״, האָט דער מלמד זיך צעבייזערט. „וואָס לאַכסטו אזוי? פאַראיאָהרען האָסטו דאָך געכליפּעט״.

„איז דען ניט צו לאַכען פון אַזאַ נאַר?״ האָט זי געענטפערט. ער האָט דאָך שוין פאַראיאָהרען געוואוסט וואָס די ברידערלאַך געהען מיט איהם טאָן, וואָס־זשע איז ער ווייטער געקראָכען צו זיי?



## 69

### אַן עם־הארץ שטופּט זיך וואו ער דאַרף ניט.

די גמרא זאָגט (אין פּסחים מ״ט): „עם הארץ מותר לקורעו כדג, ומגבו״, ד. ה. — א גראָבען יונג מעג מען צורייסען ווי א הערינג. דאָס איז וויל „ומגבו״ — ער רוקט זיך אומעטום שטופּט זיך אין דעם וואָס ער ווייסט ניט און צוליעב זיין „מגבו״, זיין ר ו ק ע ן זיך, האָט ער דעם דאָזיגען פּסק כשר פאַרדינט.



## 70

### פאַר מתן תורה.

פיעלע אידען וואָס זיינען עובר אויף אַלע מצות פון דער תורה, איז אויף דער עלטער לאָזען זיי שרייבען א ספר־תורה. עס קען

זיין דאָס זיי טהוען דאָס, ווייל זיי האַלטען דאָס אַלע עבירות וואָס זיי האָבען ביז איצט געטאָן איז זיי ניט געווען פאַרבאָטען, ווייל עס איז געווען פאַר מתן־תורה.

71

## אַט דאָס הייסט אַ נדבן.

אַ איד האָט זיך אַ מאָל צוגעכאַפּט צום עמוד, און אזוי ווי זיין קול איז ניט געווען קיין זעהר זיסער, האָט ער אַרויסגערופען אַ געלעכטער. נאָכ'ן דאַווענען האָב איך איהם געפרעגט: האָט ער דאָס ניט געגעבען אַ נדבה? „יא!" — האָט ער געענטפערט. „זייט זשע וויסען — האָב איך איהם געזאָגט — דאָס איהר זייט אַ גרויסער נדבן, ווייל כאָטש איהר קענט נעביך ניט גיעט איהר אַ נדבה".

72

## אַ קלאָגעדיגער מזומן.

דריי מענשען קריכען וואו מען וויל זיי ניט ליידען: אַ גנב אין אַ פרעמדע הויז, אַ נאַר אין געזעלשאַפט און אַ פּראָסטער בעל־גאוה אויבענאָן.

73

## צוליעב וואָס מען באַדאַרף אַ בית־עולם.

**אַ רייזענדער איז אַמאָל געקומען אין אַ קליין שטעדטעל וואו עס** האָט זיך קוים געפונען אַ מנין בצמצום, טאָקע ניט מעהר ווי צעהן אידען. דאָך איז אין שטעדטעל געווען אַ שוהל און אַ בית עולם. דער רייזענדער האָט זיי געזאָגט: איך פאַרשטעה צו וואָס איהר דאַרפט אי אַ שוהל און אי אַ בית־עולם. כל זמן איהר אַלע לעבט, מוזט איהר האָבען די שוהל צו דאַווענען אָבער טאָמער שטאַרבט איינער פון אייך, דאַרפט איהר דאָך די שוהל ניט האָבען?

— פאַרשטעהט איהר, — האָט מען איהם געענטפערט — מיר באַדאַרפעןביידע האָבען די שוהל צו דאַווענען און דעם בית־עולם — טאָמער וועט זיך אין שטעדטעל אָפּשטעלען אַ דורכרייזענדער.

74

## עס וועט קיין חברה קדישא ניט זיין.

אין אַ קליין שטעדטעל האָט זיך איינער פון די חברה קדישא לייט אַ ביסעל איבערגעכאַפּט די מאָס אין טרינקען, און איז געבליבען ליגען ווי ער וואָלט זיין געשטאָרבען.

מען האָט דעם מת מטהר געווען און אָנגעטאָהן די תכריכים, אָבער אין מיטען האָט ער זיך אויפגעכאַפּט און צוריק לעבעדיג געוואָרען.

— שוטים, וואָס איהר זייט, — האָט ער זיך אַ געשריי געטהאָן — אַז איהר וועט באַגראָבען אַלע שכורים וועט דאָך ביי אונז קיין חברה קדישא ניט זיין.

75

## לעבעדיגע עדות.

אַ ישוב׳ניק האָט באַדאַרפט האָבען אַ דין־תורה. דער רב האָט איהם אָבער געזאָגט דאָס ער וועט די דין־תורה פאַרשפּיעלען.

— פאַרוואָס? — האָט דער ישוב׳ניק פאַרוואונדערט געפרעגט.

— ווייל איהר האָט קיין עדות ניט, — האָט דער רב געענטפערט.

— אָבער וואָס וועט זיין רבי, אַז איך וועל אייך ברענגען צוויי טייערע לעבעדיגע עדות? — האָט דער ישוב׳ניק געזאָגט.

— אדרבה, וואו זיינען זיי? — האָט דער רב געפרעגט.

— צוויי אינדיקעס אויף פסח! — האָט דער ישוב׳ניק מיט אַ שמייכעל געענטפערט.

76

## ווער איז אין אַמעריקא אַ שוהל־פּרעזידענט?

מען האָט מיר געפרעגט: פאַר וואָס ווערט אין אַמעריקא אַ פּרעזידענט פון אַ שוהל דער וואָס איז אין דער אַלטער היים געווען אַ בעל־עגלה?

— ווייל ער ווייס ווי צו פיהרען, — איז מיין ענטפער געווען.

77

## דאַוועגט פון פּאַרעגט.

א בעל־עגלה איז אַמאָל אריין אין א שוהל און גלייך ארויפגערוקט זיך אויבען־אָן אין מזרח זייט. דער שמש איז צוגעגאַנגען צו איהם און געפרעגט צו ער האָט שוין געדאַוועגט פון פּאַרעגט?

— ניין! — האָט דער בעל־עגלה געענטפערט.

— אויב אזוי, זייטזשע אזוי גוט און רוקט זיך אביסעל אַרונטער צו דאַוועגען פון פּאַרעגט.

78

## פון וואַנען ווייסט מען, אַז אברהם איז געגאַנגען אין א היטעל.

איין בטלן האָט מאָל געפרעגט דעם צווייטען: פון וואַנען איז פון דער תורה געדרונגען דאָס אברהם אבינו איז געגאַנגען מיט א היטעל?

— עס שטעהט דאָך „וילך אברהם", וואָלט דען אברהם חס־ושלום געגאַנגען אין א הוילע קאָפּ? געווים האָט ער געטראָגען א היטעל.

79

## א דין־תורה מיט א פערד.

דער דובנער מגיד איז א מאָל געפאָהרען מיט א בעל־עגלה אין א בויד. אז עס איז געקומען בארג ארויף, איז דער בעל־עגלה אַראָפּ־געשפּרונגען כדי דעם פערד זאָל זיין לייכטער צו געהן. דער דובנער מגיד איז אויך אַרונטער פון בויד

דער בעל־עגלה האָט אָבער ניט געוואָלט דאָס דער דובנער מגיד זאָל זיך מיט די פים שלעפּען בארג ארויף און האָט געזאָגט:

— מילא איך בין עפּעס אַנדערש, אָבער אייך רבי, מעג דער פערד פיהרען אפילו בארג ארויף.

— עס קען זיין — האָט דער דובנער געענטפערט — דאָס אויב דער פערד זאָל מיר ביי בית־דין של מעלה רופען צו א דין תורה, וועל איך געווינען, איך וויל אָבער מיט קיין פערד ניט האָבען קיין דין תורות, און געה בעסער צו־פוס.

80

## לאַנג לעבען.

דער באַריהמטער ענגלישער שרייבער, וואַלטער סקאָט, האָט שפּאַצירענדיג אין גאַס מיט זיינעם א פריינד דערזעהן, אַז אַרימאַן געהן אַנטקעגען. סקאָט האָט אַריינגעלייגט זיין האנט אין קעשענע צו געבען עפּעס דעם אַרימאַן, אָבער קיין קלענערע מטבע ווי אַ גאָלדענעם פינף דאָלער שטיק האָט ער ניט געפונען. סקאָט האָט דאָס דערלאַנגט דעם אַרימאַן, זאָגענדיג איהם: דאָ האָט איהר פינף דאָלער אָבער געדענקט מיר אמאָל אַרויסצוגעבען פון דעם רעשטע.

— זאָל איך דער פאָטער אין הימעל — האָט דער אַרימאַן גע־ ענטפערט — בענשען מיט אריכות ימים ווייל ביז איך וועל זיך דערמאָנען איך אומצוקעהרען וועט בעהמען א לאַנגע צייט.



81

## וועמעס שטימע איז העכער.

א בעריהמטער חזן איז געזעסען מיט א גרויסען סוחר און צוזאַמען פאַרבראַכט. דער חזן האָט זיך פאַר איהם געלויבט און באַריהמט זיך דאָס בשעת ער האָט היינטיגען ראש־השנה אויסגעשריען דעם „הנני העני" האָבען די ווענט פון שוהל א ציטער געטאָהן און זיין שטימע האָט זיך אַזש געהערט אין גאַס.

— אויך מר א הויכע שטימע! — האָט דער סוחר געענטפערט — ווען איך זאָל פּרובירען זאָגען „הנני העני" וואָלט דאָן די גאַנצע וועלט אויפגעציטערט.



82

## ער וועט איהם שיקען זיין שוואָגער.

אַן אַרימאַן איז געקומען צו א גביר בעטען א נדבה. אז דער גביר האָט איהם ענטזאַגט, האָט דער אַרימאַן איהם גענומען סטראַשען דאָס אויב ער גיעט איהם ניט, וועט ער צו איהם שיקען זיין שוואָגער.

— ווער איז דאָס אַזוינס דיין שוואָגער? — האָט דער גביר נייגעריג געפרעגט.

— דער מלאך־המות וועלכער האט מיין שוועסטער צוגענומען ! האט דער ארימאן שנעל געענטפערט.



## 83

## ר' ישראל סאלאנטער און בערל אפיקורוס.

בערל אפיקורוס איז אמאל געקומען זעהן דעם גאון און צדיק ר' ישראל סאלאנטער. ר' ישראל איז דאמאלסט געלעגען קראנק און מען האט קיינעם ניט צוגעלאזען צו איהם. אז מען האט ר' ישראל'ן געזאגט דאס דער אפיקורוס בערל וויל איהם זעהן, האט ער איהם געהייסען אריינלאזען.

— ווי קומט עס רבי, — האט בערל געפרעגט — וואס איהר לאזט מיר צו צו זיך ווערענד אייערע פריינד לאזט מען ניט אריין ?

— פארשטעהט איהר מיך, — האט רבי ישראל געענטפערט, — מיינע פריינד, די רבנים און די פרומע בעלי בתים וועל איך קענען טרעפען אויף יענער וועלט, אבער אייך, ווער ווייסט צו איך זעה אייך ניט איצט דעם לעצטען מאל.



## 84

## ווער האט איהם ערלויבט חתונה צו מאכען זיין טאכטער.

אן ארימאן וואס פלעגט ארומגעהן איבער די הייזער, פלעגט אין א געוויסע הויז באקומען יעדען חודש א האלבען דאלער.

קומענדיג אמאל נאך זיין האלבען דאלער האט דער בעל־הבית איהם ניט געוואלט געבען. ער האט איהם געזאגט דאס היינט איז ביי זיין טאכטער חתונה און מוז זיין שפארזאם אין געלד.

— אבער, — איז דער ארימאן איהם אנגעפאלען — מיט וואסער רעכט מאכט איהר חתונה אייער טאכטער מיט מיינע פארהארעוועטע און בלוטיגע געלט.



## 85

## ווי טיעף איז די ערד

רעדענדיג צווישען זיך, האבען צוויי בטלנים גענומען אויסגעפינען ווי טיעף עס איז די ערד.

— זאָג נאָר זלמן — האָט זיך קלמן אָנגערופען — קענסט מיר אפשר זאָגען ווי טיעף איז די ערד?

— איך ווייס ניט, — האָט ער געענטפערט, אפשר ווייסטו?

— געוויס ווייס איך! די ערד איז אזוי שרעקליך טיעף דאָס מיין זיידע איז אהין מיט צוואַנציג יאָהר צוריק אַוועק, און איז נאָך ניט צוריקגעקומען.

## 86

### ווי קומט נח אין דער מגילה?

איין בטלן האָט געפרעגט דעם צווייטען:

— אין דער מגילה שטעהט ונוח בארבעה עשר, פאַרשטעה איך ניט וואָס האָט נח צו טאָהן אין דער מגילה?

— גאָר פשוט: פורים נעהמען אידען אַ קאָפּעטשקע בראַנפען, און ווי דו ווייסט האָט נח ליעב געהאַט אַ טרונק צו טהאָן האָט ער זיך דעריבער אריינגעכאַפּט אין דער מגילה, פיליכט וועט ער קריגען אַ שנעפּסעל.

## 87

### ביליגע זקנים

אַ פּעדלער שטעהט אין העססטער סטריט און שרייט אויף אַ קול: פינף סענט אַ פּאָר זאָקען!

**אַן אַלטער איד איז פאַרבייגעגאַנגען און אַ קרעכץ געטאָהן: גוטע** יאָהרען האָבען מיר דערלעבט אין קאָלאָמבוס'עס מדינה, אַז מען פאַרקויפט אונז צו פינף סענט אַ פּאָר.

## 88

### אַ ברודער צו זיין אייגענעם זוהן.

— ווען ווערסטו בערל — האָט זיך אַ לאַנדסמאַן אָנגערופען — דיין זוהנ'ס ברודער?

— וואָס דו ביזט משוגע, חסר־דעה צו גאָר דו רעדסט פון שכרות, ווי קען איך ווערען אַ ברודער צו מיין אייגענעם זוהן?

— אויב דו וועסט באַלאַנגען צו דעם זעלבען לאָדזש צו וועלכען דיין זוהן באַלאַנגט וועסטו ווערען זיין ברודער.

## 89

### איז עלענד אויפ'ן בית-עולם.

תשעה-באב נאָך די קינות, האָט זיך די מיסעס אָנגערופען צו איהר גרינגע פריינדין אויב זי וויל געהן אויפ'ן בית-עולם.

— וואָס זאָל איך געהן — האָט זי מיט טרעהרען אין די אויגען געענטפערט — מישטיינס געזאָגט, ווען איך האָב דאָרטען, אז איך בין עלענד ווי א שטיין. איך איז גוט איהר האָט דאָרטען א סך.

## 90

### ווער איז מעהר משוגע?

ר' אייזעל איז איינמאָל געווען איינגעלאַדען אויף א ברית. דער בעל הברית, וועלענדיג פאַרשאַפען דעם רב נחת-רוח, האָט ער אויפ'ן טיש אַנידער געלעגט זיין ספר, וואָס איז געווען צוזאַמענגעבונדען מיט ר' יצחק אלחנן'ס ספר „באר יצחק". ר' אייזעל האָט באַמערקט, אַז ר' יצחק אלחנן'ס ספר, איז פריער אין בונד ווי זיינער, רופט ער זיך אָן:

— א מאָדנע זאַך, די וועלט זאָגט אַז ר' יצחק אלחנן איז קלאָהר, א חכם א פקח, און איך בין משוגע, (א משוגענע קאָפּ), לסוף האָט מען איהם געבונדען פריער פאַר מיר.

## 91

### הונדערט דאָלער א וואָרט

מען ריהמט לאָרד סושאַרושען אַז ער איז א גליקליכער מענש, אַז ער שרייבט זיינע מעמוארען, בעקומט ער א דאָלער א וואָרט.

— א גרויסע זאַך — זאָגט איינער — איך האָב באַקומען מעהר ווי הונדערט דאָלער פאַר א וואָרט, א שפּאַס, א גרויסער גליק!

— דהיינו?

— איך האָב אָבגעזאָגט נייען ווערטער „הרי את...“ און האָב גע־קריגען דערפאַר טויזענד דאָלער און האָב אויך געמאַכט גאַר קליינע גליקען...



## 92

## דער עיקר

ר׳ ישראל סאַלאַנטער פלעגט זיך נוהג זיין אליין שטעהן ביי זיינע מצות אכטונג געבען אויפ׳ן קנעטען און זיך עוסק זיין אין דער מצוה. איינמאָל אַ פאַר פסח איז ער עפּעס נישט געזונד געוואָרען, און האָט ניט געקאָנט געהן צו די מצות זענען די תלמידים אליין גע־גאַנגען. איידער זיי זיינען אַוועק צו די מצות פרעגע זיי איהם:

— רבי, אויף וואָס זאָלען מיר בעיקר אכטונג געבען?

ענטפערט זיי ר׳ ישראל:

— דער עיקר זאָלט איהר זעהען, אַז מען זאָל זיך נישט בייזערען אויף דער קנעטערין, זי איז נעבאַך אַ פינסטערע אַ ביטערע אלמנה.



## 93

## אַ פויער ביז משיח וועט קומען

— נו, זאָג׳זשע פויער, — טאַרקעט אַ מלמד דעם אינגעל — „עד כי יבא שילה“, ביז משיח וועט קומען, זאָג זשע.

— „עד כי יבא שילה“ — זאגט איהם דער אינגעל נאָך — ביז... ביז... איך וויים ניט...

— ביז ווי לאַנג נאָך וועסטו זיין אַזאַ פויער און ניט געדענקען פון דאַנען אהין? — בייזערט זיך דער רבי.

— „עד כי יבא שילה“... איך וויים שוין, וויים שוין! — דערמאַנט זיך דער אינגעל — ביז משיח וועט קומען....



## 94

## דער בעסטער „דיינו“.

— זאָג מיר נאָר גוטער ברודער — האָט איין לץ געפרעגט דעם צווייטען — וועלכער „דיינו“ אין די הגדה געפעהלט דיר בעסער?

— „אלו נתן לנו את ממונם ולא נתן לנו את התורה“ אָט דער „דיינו“ געפעהלט מיר אמבעסטען.

— גערעכט! אָט די שטיקעל הגדה וועט אפילו אונזערע סאָציאַליסטען אויך געפעלען.



95

קינדער ווי אין דאַוונען

— האָסטו עפּעס פיינע קינדער, בערל?

— אָט פּונקט ווי אין דאַוונען: כולם אהובים, כולם ברורים, כולם גבורים, אַלע ליעבענקע, קלאָרענקע, שטאַרקע, נאָר איין פעלער האָבען זיי וואָס „וכולם פותחים“, אַלע עפענען זייערע מיילכלעך און בעטען עסען.



96

זיי זיינען אַלע גע'הרג'עט אויף עברי

צעהן רבנים זיינען זיך צוזאַמענגעקומען צו דאַווענען מנחה בצבור. אָבער אַזוי ווי רבנים זיינען, לא עלינו, גע'הרג'עט אויף עברי זאָגען, האָט קיין איינער פון זיי ניט געוואָלט צוגעהן צום עמוד. אין־מיטען איז אריינגעקומען דער שטאָדטישער בעל־עגלה, און די רבנים האָבען זיך דערפרעהט. זיי האָבען געהייסען דעם פוהרמאַן צו געהן צום עמוד.

— אָבער, — האָט דער בעל־עגלה געזאָגט — זייט וויסען רבותי, דאָס איך בין אויך גע'הרג'עט אויף עברי. מיין מאַמע האָט פון מיר געוואָלט מאַכען א רב, און פּונקט ווי אַלע רבנים קען איך ניט קיין עברי.



97

ניט קיין שטאָדט און ניט קיין שוהל.

א מאָל האָט כמעט יעדער בעל־הבית געהאַט א „שטאָדט“ אין שוהל, היינט ווילען זיי ניט האָבען א שוהל אין שטאָדט.

98

## אַלץ פאַר געלט

— פאַר וואָס מיין טהייערער, — האָט אַ רבי אויסגעמוסר'ט אַ חסיד — ביזטו ניט געקומען צו מיר אויף ימים נוראים?

— איך האָב געדאַווענט מוספים און באַקומען דערפאַר אַ גאַנצען הונדערטער, — האָט דער חסיד זיך פאַרענטפערט.

— געוואַלד! — האָט דער רבי זיך אַ בייזער געטאַהן — „ובכן תן פחדך" פאַרקויפט מען פאַר געלד?

— נו, געוויס! — האָט דער חסיד זיך ניט איבערגעשראָקען — און איהר רבי פאַרקויפט דעם „ובכן צדיקים" פאַר געלט.



99

## חרטה

וואָס איז חרטה? — חרטה באַווייזט דאָס אין הארצען געפינט זיך נאָך אַ ווינקעלע וואו עס וואוינט אַ שטיקעלע יושר.



100

## מלמדות איז שווערער פון האַקען האָלץ

אַ אינגעל האָט אַמאָל געפרעגט זיין רבי'ן פון וואַנען עס נעהמט זיך דער ווערטעל: „מלמדות איז שווערער פון האַקען האָלץ".

— דערלאַנג נאָר דעם חומש וועל איך דיר ווייזען וואָס רש"י זאָגט אויף דעם פסוק „מחוטב עציך עד שואב מימיך" — „מלמד", ד. ה. די מלאכה פון מלמדות איז שווערער פון האַקען האָלץ.



101

## אַז מען גיט ניט — נעהמט מען

דער קעלמער מגיד האָט זיך איינמאָל שטאַרק צוואַרעמט אין אַ דרשה און אויסגעשריען: ברידער! איהר גבירים מוזט די אָרימע־לייט געבען צדקה, אויב איהר וועט זיי ניט אויסהאַלטען וועלען זיי

שטארבען פון הונגער. דער פסוק זאגט: „כי לא יחדל אביון מקרב הארץ", הייסט דאס אז ארימע לייט מוזען זיין און וועלען שטענדיג זיין. אויב איהר וועט זיי ניט שפייזען און זיי וועלען שטארבען פון הונגער, וועט איהר ווערען ארימע לייט, און וועט מוזען אנקומען צו צדקה.



102

## וועלכער איזהו?

צו ר' אהר'לע קארלינער איז געקומען א חסיד, און דערציילט מיט א געוויין, אז ער האט אקארשט פארלארען א פארטפעל, אין וועלכען עס האט זיך געפונען זיין גאנץ פארמעגען, זאל איהם דער רבי געבען א סגולה ער זאל צוריק געפינען זיין אבדה.

— זאלסט זאגען 7 מאל „איזהו" — האט א זאגט געטאהן ר' אהר'לע, וועלכער האט צייטענוויים ליעב געהאט צו מאכען א שפאס.

צו־מארגענס איז געקומען דער חסיד צו ר' אהר'לען.

— רבי'ניו, איך האב געזאגט 7 מאהל „איזהו" און דאס געלט ניט געפונען!

— האסט מסתמא געזאגט דעם „איזהו" פון דאווענען?

מאכט מיט א שמייכעלע ר' אהר'לע, און איך האב געמיינט דעם „איזהו" פון דער גמרא: „איזהו שוטה המאבד כל מה שנותנים לו", ווער איז א נאר? דער וואס פארליערט אלעס וואס מען גיט איהם.



103

## דער ריכטיגער סמן

— שוין אפגעדאווענט? — האט א פאטער געפרעגט זיין זוהן — ווי איז דאס מעגליך אין עטליכע מינוט אפכאפען א גאנצען דאווענען?

— אבער טאטע! — האט דער זוהן געענטפערט, אט איז די שפייעכץ וואס איך האב אויסגעשפיגען צו „עלינו".



104

## „צום גדליהו" איז א קליינער יחסן ביי איהם.

איינער איז אום צום גדליהו ארײן ביי זיין שכן אין הויז און געפונען איהם מיט א ביסען אין מויל.

— פע! — האָט ער זיך אָנגערופען — ווי פאַסט דאָס ניט אַ איד אין צום גדליהו?

— איך פאַסט ניט צוליעב הדריי טעמים — האָט דער שכן איהם געענטפערט — ערשטענס וועט גדליהו פון מיין פאַסטען ניט לעבעדיג ווערען, צווייטענס ווען איך וואָלט געשטאָרבען וואָלט גדליהו אויך ניט געפאַסט און דריטענס מיט וואָס איז צום גדליהו ביי מיר מעהר יחסן פון יום כפור....

## 105
## אַ פינפטע קשיא

אז דער אינגעל האָט געענדיגט פרעגען די פיער קשיות, איז איידער דער פאָטער האָט באַוויזען איהם ענטפערען דעם תירוץ, האָט ער אויף גיך אַ כאַפּ געטהאָן און געזאָגט: טאַטע, איך האָב נאָך אַ פינפטע קשיא דיר צו פרעגען! איך וויל וויסען פון וואַנען האָסטו גענומען צו מאַכען פסח?

דער טאַטע האָט געלאָסען אַרויסגעזונגען פון די הגדה:

„לפיכך אנחנו חייבים" — איך בין געווען שולדיג!

## 106
## ער וויל וויסען זיין סקול-לעסאָן

אַ אינגעל איז אַמאָל אַריין אין אַ גראָסערי און געהייסען געבען איהם פופציג פונט זאַלץ זיבעציג פונט ציבעלע, ניינציג פונט פּאָטייטאָס, דרייסיג פונט ניס, צעהן לעבלעך ברויט, הונדערט ראָלס, פערציג בייגעל, צוועלף באָקסעס צוויבעק, צוואַנציג באָקסעס ביסקוויט און זעכצעהן דאָזען אייער. דער גראָסערי מאַן האָט דאָס אַלץ איינגעפּאַקט און געפרעגט וואו ער זאָל דאָס צו-שיקען.

— ניט נויטיג, — האָט דער אינגעל געענטפערט — איך האָב נאָר געוואָלט וויסען וויפיעל דאָס אַלעס באַטרעפט, כדי צו וויסען מיין סקול-לעסאָן.

## 107
## עס איז נעבאַך זיין אייגענס

אַ איד איז אַמאָל אָפּגעברענט געוואָרען. ער האָט זעהר שטאַרק געוויינט, געיאָמערט און געקלאָגט.

האָט איהם איינער געפרעגט: וואָס קלאָגט איהר אַזוי? עס איז דאָך אַ גאָט זאַך! „ד' נתן וד' לקח", גאָט האָט אייך געגעבען און ער האָט צוגענומען.

— זאָל איך קרענקען, זאָל איך אַ מיתה משונה איינעהמען — האָט דער נשרף געענטפערט — אויב אפילו איין גראָשען איז געווען פרעמדעס, איך האָב דאָס אַלץ געבראַכט פון דאָרף.



## 108

## אידישע ערפינדונגען

אַ גוטער איד האָט אַ מאָל דערקלערט זיינע חסידים, דאָס אידישע ערפינדונגען שטעהען פיעל העכער ווי די גוי'אישע. אַט האָבען די גוים ערפינדען אַן אייזענבאַהן, ווערט נאָר קאַליע איין שינע איז שוין אוים מיט דעם אייזענבאַהן; זיי האָבען ערפינדען אַ טעלעפאָן, ווערט נאָר איבערגעריסען אַ דראָט און אוים מיט'ן טעלעפאָן.

אָבער אָט האָבען אונזערע תנאים געוואָלט פאַרהיטען אפּיקורסים ניט צו עסען אום תשעה באב, האָבען זיי ערפונדען אַ מיטעל דאָס תשעה באב זאָל'מען אין דער פריה ניט לייגען קיין תפילין, ווען דען אַן אפּיקורוס קענען עסען? זאָל ער עסען אומגעדראָווענט...



## 109

## אַ למדן גיט זיך איין עצה

שבת בייטאָג, דערע אַלטער רב ר' צמח'ל האָט זיך אויסגעשלאָפען נאָכ'ן טשאָלענט ער זיצט און לערנט, עס דורשט איהם שטאַרק, עס ווילט זיך אַ גלעזעלע טהיי. נאָר וואָס טהוט מען? ווי קאָן מען עס דערווייזען? אמת, פאַראַן אַ קריסטען ביי דער שנור, אָבער על פי דין טאָר מען דאָך ניט הייסען אפילו אַ גוי עפּעס טאָהן, אויסער הייצען, אָדער אַ פּקוח נפש. איז ער געפאַלען אויף איין המצאה, און לערנענדיג אין דער הויך די דינים פון שבת, זאָגט צו זיך:

יאָ יאָ, על פי דין טאָהר מען ניט זאָגען, יעקאַטערנאַ פּאָסטאַוו סאַמאָוואַר, יעקאַטערינאַ פּאָסטאַוו סאַמאָוואַר, עס הייסט אמירה לנכרי...

יעקאטערינא, וואָס האָט פון דעם גאנצען דיאלאג מעהר נישט פארשטאנען, ווי די עטלאכע גוי'אישע ווערטער, האָט גענומען גלייך, און געשטעלט דעם סאַמאָוואַר, געמאַכט טהיי, וועלכע איז אין אמת'ן כשר און ר' צמח'ל האָט געטרונקען די טהיי מיט אַן אמת'ן עונג שבת, האָבענדיג הנאה סיי פון טהיי און סיי פון דעם גוטען איינפאַל.



## 110

## מען העכערט איהם די שכירות

אין אַ קליין פּרייסיש שטעדטעל האָט אימיצער גע' מסר'ט דעם רב, דאָס ער פאָהרט אום שבת.

— אויב אַזוי, — האָבען די גבאים פון שוהל זיך אָנגערופען — דאַרף מען דאָך איהם העכערען זיינע שכירות. ער איז דאָך איצט אַ גרעסערער בעל הוצאה.



## 111

## אַ חדוש וואָס אין שוהל איז ריין

אַ אידענע איז אַריין אין שוהל און אויפהויבענדיג איהרע אויגען צום אָרון־קודש, הויבט זי אָן פרום צו מורמלען: „מה טובו אוהליך יעקב, משכנותיך ישראל". ווי שעהן און ריין זיינען דיינע שוהלען, אָבער וואָס איז דאָ דער חדוש? דו האָסט דאָך, גאָטעניו, ניט קיין קליינע קינדער.



## 112

## אַ שאָד וואָס ער איז געשטאָרבען

אין אַ קליין שטעדטעל אין ליטע איז אַ גוי געשטאָרבען אין ניסן. אַ אידענע וועלכע איז פאַרבייגעגאנגען דעם טויטען־וואָגען האָט איהם גענומען באַדויערען: אויב שוין יאָ געשטאָרבען אין ניסן וואָלט ער כאָטש געווען אַ איד.

113

## זאָל זיי גאָט באַצאָהלען

די וואָס זיינען זיך מתעסק בצרכי צבור ווערן על־פּי רוב פון פּובליקום ניט באַצאָהלט, לאָ די וואָס מען גיט זיי ניט קיין כבוד בּאַרעדט מען נאָך זיי און מען טראַכט אוים אויף זיי כל־ערליי בלבולים, און דעריבער זאָגט מען שבת אין „מי שברך“: „וכל מי שעוסקים בצרכי צבור באמונה הקדוש ברוך הוא ישלם שכרם“. אויב פון מענשען ווערען זיי באַצאָהלט מיט שלעכטעס, מוז דאָך גאָט זיי באַצאָהלען.

113 ends

114

## דער „כסף משנה“ וועט שוין פאַרענטפערען.

אַ גרויסער יחסן האָט זיך משדך געווען מיט אַ גרויסען גביר פון נידעריגען שטאַם. אז מען האָט איהם געפרעגט ווי אזוי קומט ער צו טהאָן אַזאַ געמיינעם שידוך האָט ער געענטפערט: אַלע הארבע קשיות אויפ׳ן רמב״ם פאַרענטפערט דער „כסף משנה“...

115

## ווער איז דער בעל־הבית?

אַ נייער רב איז אָנגעקומען אין אַ קליין שטעדטעל, און ווע־לענדיג זיך באַקענען מיט די בעלי־בתים, איז ער אריין אין אַ הויז וואו מען האָט זיך געהאַלטען אין מיטען אַ שטאַרקע קריגעריי.

— ווער איז דאָ דער בעל־הבית? — האָט דער רב צוטומעלט געפרעגט.

— זעצט זיך צו אַ ווייל׳ע, רבי! — האָט דער בעל־הבית גע־ענטפערט — מיין ווייב און שנור זיינען טאַקע איצט פאַרנומען מיט דער דאָזיגער פראַגע.

116

## עושה חדשות

די וואָס זוכען אימער איינצופיהרען אין די שוהלען „חדשות", נייע מנהגים, מאַכען אַן מחלוקת, ווייל דער „עושה חדשות" איז אויך אַ „בעל מלחמות".

117

## אַ חריפות פון אַן עלוי'שען קעפּעל

אַ אינגעל מיט אַ שאַרפען קעפּעל האָט אַ מאָל געזאָגט צו אַ בעל־עגלה אויב פון שטעדטעל ביז'ן וואָקזאל גערויערט מיט צוויי פערד אַ שעה, נעהמט דאָך מיט פיער פערד ניט מעהר ווי אַ האַלבע שעה, טאָ שפּאַנט זשע איין זעקס פערד וועט איהר אין גאַנצען פאַרשפּאָרען צו פאָהרען.

118

## ראש חודש אדר

מען דערצעהלט וועגען דעם גרויסען גאון ר' יהושע העשעל אַז ווען ער איז געווען אַ אינגעל, איז ער געווען אַ גרויסער שטיפער. איינמאָהל האָט ער אין בית המדרש איבערגעקערט די שטענדערס און די בענק און גישט געהערט דעם שמש, וועלכער האָט אויף איהם געשריען.

איז דער שמש אוועקגעגאַנגען און דערצעהלט דעם פאָטער. ווען ר' יהושע העשעל האָט דערזעהען דורך דעם פענסטער אַז דער פאָטער געהט איז ער באַלד רוהיג געוואָרען. געמאַכט זיך, ווי נישט איהם מיינט מען דאָס, ער האָט זיך געזעצט איבער דער גמרא און געלערענט מיט גרויס התמדה אויפ'ן קול.

ווען דער פאָטער איז אַריין, און איהם געפרעגט, „וואָס בעדייט עס אַזאַ אויפפיהרונג?" האָט ער גלייך געענטפערט, אַנווייזענדיג אויפ'ן שמש, „משנכנס אדר (אָט־דער) מרבין בשמחה, דאָס הייסט, אַז עס געהט אַריין אָט דער, דאַרף מען זיך לוסטיג מאַכען, משנכנס אב ממעטין בשמחה, און אַז דער פאָטער קומט אַריין, דאַרף מען ווערען ערנסט.

## 119

## אַ משל פון קעלמער מגיד

זעהר אָפט הערט איהר זאָגען: איך טהו דאָס כדי צו פאַרטרייבען די צייט, אָדער איך האָב קיין צייט ניט. איינער האָט צופיעל און וויים ניט וואָס צו טהאָן מיט דעם און דער אַנדערער האָט גאָר קיין צייט ניט.

דער קעלמער מגיד האָט אויף דעם געזאָגט אַ שעהנעם משל. ער האָט אַמאָל באַגעגענט אַ דיקען גראָב־באַכיגען מענשען מיט אַ רויטען געזונטען פּנים, בלאָזענדיג אַ רויך פון זיין מויל. פרעגט איהם דער קעלמער מגיד, צוליעב וואָס ער רויכערט, האָט ער איהם געענטפערט, דאָס ער מוז רויכערען כדי צו פאַרדייען די פעטע מאכלים וואָס ער האָט געגעסען. אביסעל שפּעטער האָט ער אָנגעטראָפען אַ צווייטען מאַן, וואָס איז געווען דאַר און בלייך, און אויך ער האָט גערויכערט. „צוליעב וואָס רויכערט איהר?“ — האָט איהם דער קעלמער גע־פרעגט. „איך האָב נאָך ניט געגעסען און רויכער כדי צו פאַרטרייבען דעם הונגער“, איז זיין ענטפער געווען. „אוי רבונו של עולם!“ — האָט דער קעלמער אויסגעשריען — ווען דער גראָבער פּופּיק, וואָלט אַ טייל פון זיין עסען געגעבען דעם הונגעריגען, וואָלטען דאָך ביידע ניט באַדאַרפט רויכערען, דער וואָלט זיך ניט איבערגעפרעסען און דער צווייטער וואָלט זאַט געווען.



## 120

## זיי וועלען אויסשלאָגען די הוצאות

אַן ארץ־ישראל משולח איז געקומען קיין רוסלאַנד און פאַרפאָהרען צו אַ רב פון אַ קליין שטעדטעל. דער רב האָט דעם משולח פיין אויפגענומען, האָט מיט איהם פאַרבראַכט אין דברי־תורה ביז זיי זיינען אַריבער צו וועלטליכע ענינים. אין מיטען די רייד, רופט זיך אָפּ דער משולח: ווי איך זעה, זייט איהר גאָט צו דאַנקען פאַר־מעגליך, וואָס זשע דאַרפט איהר וואוינען אין חוץ־לארץ, און איבער הונדערט און צוואַנציג יאָהר האָבען גלגול־מחילות אין די הייליגע לאַנד, בעסער באַזעצט זיך איצט אין ארץ ישראל.

— אָבער די חכמים אונזערע זאָגען דאָס וועמען עס איז באַשערט צו ליגען אין ארץ ישראל, טראָגען איהם מלאכים אַריבער, — האָט דער רב געזאָגט.

— אָבער אויב איהר קענט פאַר אַ פּאָר הונדערט קארבען פאַהרען דאָרט לעבעדיגערהייט, וואָרום זאָלט איהר מטריח זיין די מלאכים אייך אַזאַ ווייטע שטרעקע צו טראָגען? — האָט דער משולח ווידער געפרעגט.

אָבער דער רב האָט איהם אָפּגעשלאָגען, זאָגענדיג איהם: דאָס סיי ווי סיי וועט דאָס פאַר זיי קיין איבעריגע טרחה ניט זיין. די זעלבע מלאכים וואָס ברענגען משולחים אין חוץ־לארץ וועלען איהם אַריבערטראָגען קיין ארץ ישראל.



## 121

## אַ מאָדנע קראַנקהייט

— וואָרום גיסטו מיר ניט אָפּ די צעהן דאָלער וועלכע דו האָסט מיט עטליכע וואָכען צוריק ביי מיר געליהען? — האָט איינער אָפּ־געשטעלט זיינעם אַ באקאנטען אין גאַס.

— ענטשולדיג מיר, איך האָב גאָר פאַרגעסען אַז איך בין דיר עפּעס שולדיג — האָט ער זיך געפּרופט פאַרענטפערען — די לעצטע צייט לייד איך, פאַר דיר געדאַכט פון אַ קורצען זכרון.

— עפּעס אַ מאָדנע קראַנקהייט דאָס איז. פון אַלע מחלות ליידט דער אייגענטהימער און פון אַ שוואַכען זכרון, ליידט גאָר אַן אַנדערער.



## 122

## ווי די צייטען בייטען זיך

פאַרצייטענס בשעת משה האָט זיך פאַרזאַמט אין הימעל און דאָס פאָלק האָט זיך פאַרביינקט נאָך גאָט, האָבען זיי זייערע ציערונג געשענקט אַבי צו האָבען אַ גאָט.

היינטיגע צייטען אָבער, שענקט מען צוליעב גאָלד און דימאַנטען אַוועק גאָט.



## 123

## וואָרום אַ צדיק ליגט טיעף אין דער ערד

עס שטעהט „וצדיק יסוד עולם", דער צדיק איז דער יסוד פון דער וועלט, דעריבער מוז ער טאַקע ליגען טיעף אין דער ערד.

124

## ער מעג עסען אום תשעה באב

מען האָט איינעם געכאַפּט עסען אום תשעה באב א געבראָטענע קאַטשקע. ער האָט זיך אָבער פאַרטיידיגט דאָס ער איז א שוואַכער מענש און איהם איז שווער צו פאַסטען.

האָט זיך איינער אָנגערופען: יא, ריכטיג! ער איז נעביך א שוואַכער מענש און מעג תשעה באב עסען. דער תנא זאָגט אין פרק: „איזהו גבור הכובש את יצרו", ווער הייסט א „גבור" דער וואָס צאַמט איין דעם יצר הרע, אָבער דער קען זיין יצר הרע ניט איינהאַלטען איז ער ממילא א שוואַכער.



125

## פאַרדרעהט די יוצרות

א בעל הבית'ישער אידישער יונגער מאַן האָט געוואוינט אין א קליין שטעדטעל. זעהר אָפט פלעגט ער אַפּפאָהרען פון דער היים. צו די פרוי פלעגט ער זאָגען אז ער פאָהרט פון ביזנעס וועגען. אין א צייט אַרום איז מען געוואָהר געוואָרען, אז דער יונגער מאַן האָט א צווייטע פרוי אין א דערבייאיגע שטעדטעל, מיט וועלכער ער לעבט ניט ערגער ווי מיט דער ערשטער פרוי.

זי איז אוועקגעלאָפען מי א געשריי אין ראַבינאַט אריין, און דערציילט די געשיכטע. דער ראַבינאַט האָט תיכף באַפוילען א שמש, ער זאָל גלייך ברענגען דעם יונגען מאַן אין ראַבינאַט אריין.

— רעב איד, איהר זעהט אויס צו זיין א קלוגער יונגער מאַן, ווי קומט דאָס אז איהר זאָלט אָפטאָן אַזא מין זאַך?

— וואָס איז?

— וואָס הייסט, וואָס איז? איהר מאַכט זיך גע'פּגר'ט, איהר לעבט מיט נאָך א פרוי, אין דער דערבייאיגער שטעדטעל! ווייסט איהר דען ניט פון דעם חרם דרבנו גרשם, אז א איד טאָהר ניט נעהמען קיין צוויי ווייבער?

— רבי טהייערער, — צעוויינט זיך דער יונגערמאַן, — זינט איך האָב חתונה געהאַט, איז מיר דער קאָפּ אַזוי פאַרדרייט געוואָרען, אז איך לערען אַלעס פאַרקעהרט און מיר דאַכט זיך, אז רבינו תם האָט

געהייסען נעמען צוויי ווייבער און רבנו גרשם האָט געמאַכט אַ חרם אויף צוויי פּאָר תפילין.

126

## זיין וואָרט איז גענוג

מען האָט אַ למדן געפרעגט פאַרוואָס ער וויל ניט געבען זיין האַנט צו אַ פּרוי, האָט ער געענטפערט: מיר גלויבט מען אויף מיין וואָרט און באַדאַרף קיין תקיעת־כף ניט געבען.

127

## פאַר וואָס שטעהט דער רב לענגער שמונה עשרה

פאַרוואָס שטעהט דער רב לענגער פון אַלעמען שמונה־עשרה? דאָס איז ווייל אַלע בעלי־בתים טראַכטען נאָר וועגען איין רב און דער רב טראַכט דאָך פון אַלע בעלי־בתים, דעריבער שטעהט ער לענגער.

128

## עפּעס וואָלוועלער

אַ גרינגער בוי האָט געשריבען צו זיין טאַטען אין באַלטעמאָר: „וויפיעל קען איך דיר שרייבען, טאַטע טייערער, דאָס איך צאָהל פאַר באָרד דריי דאָלער אַ וואָך".

האָט איהם דער פאָטער געענטפערט: „עס איז צו טהייער מיין קינד, שעהר אונטער אַ ביסעל, אפשר וועט קאָסטען עפּעס וואָלוועלער".

129

## דער מת קען נאָך פאַרבלאָנדזשען

שפּאַצירענדיג אויף אַ בית־הקברות האָט איינער אָנגעטראָפען אַ מצבה פון זיינעם אַ באַקאַנטען אויף וועלכע עס איז געווען אויס געקריצט געהויבענע טיטולען און שבחים.

— אָה! — האָט ער אויסגערופען — ווען דער מת זאָל אַרויס פון זיין קבר וואָלט ער צוריקוועגס פאַרבלאָנדזשעט און ניט געטראָפען דעם וועג. ער אַליין וואָלט דאָך ניט דערקענט דעם קבר אויב ער וואָלט אויף די מצבה איבערגעלייענט אַזעלכע שבחים ווי רב, חסיד, ישר ונאמן.

130

## ווי עם לוינט איהם

א פּאָליסמאַן האָט אָפּגעשטעלט אַ קבצן וואָס איז געשטאַנען נעבען אַ שוהל, און זיך גענומען בייזערען אויף איהם: וואָס טהוסטו נעבען אַ אידישע שוהל, איך האָב דיר דאָך נעכטען געטראָפען בעטלען נעבען אַ קריסטליכע קירכע? וואָס ביסטו, אַ איד צו אַ קריסט?

— איך בין אַ איד, אָבער ביי היינטיגע שלעכטע צייטען קען מען פון איין רעליגיאָן קוים אַ לעבען מאַכען.

131

## זאָגט קדיש נאָך איהם

נאָכ'ן מעריב, האָט דער שמש אַ קלאַפּ געטאָהן אויף דער בימה און אויסגערופען: אַזוי ווי דער פּרעזידענט פון שוהל האָט היינט יאָהר־צייט זאָל קיינער ניט וואַגען זאָגען קדיש. נאָך איהם מעגען אַלע זאָגען קדיש.

132

## די „לויפערס“ פון שושן הבירה

„וישלח ספרים ביד הרצים“, עס איז מערקווירדיג דאָס שוין אין שושן הבירה זיינען געווען „לויפערס“ וואָס האָבען זיך געטשעפּעט צו ספרים.

133

## דער זעלבער „ויהי“

„ויהי בימי אחשורוש“, דער זעלבער „ויהי“ איז געווען „בימי“ פערדינאַנד און איזאַבעלע, בימי ניקאָליי דער ערשטער, בימי אלכסנדר

דער דריטער, בימי ניקאָליי דער צווייטער און אין פאַרשיעדענע אַנדערע צייטען. דער אונטערשיעד איז נאָר אין דעם נאָמען פון מלך, דער „ויהי" בלייבט שטענדיג דער זעלבער.



134

## אַלע אין איינעם טויגען אויף כפּרות

אַ חזן וואָס האָט פיעל יאָהרען פאַרנומען אַ שטעלע אין אַ שוהל, איז דעם עולם נמאס געוואָרען, אָבער דער פּרעזידענט האָט ניט געוואָגט אַרוים געהן אָפען געגען דעם חזן, איז געבליבען ביי אַ מיטינג, מען זאָל די פראַגע שטעלען צום אבשטימען. אַז מען האָט פאַרענדיגט וואוטען, האָט זיך אויסגעפונען, אַז נאָר איין מאַן האָט געוואוט פאַר דעם חזן און די איבעריגע געגען איהם. דעם חזן נעבאַך האָט זעהר פערדראָסען די געשיכטע ער איז געוואָרען בלייך ווי אַ טויטער.

דעם עולם האָט דאָס אויך אַביסעל פאַרדראָסען, ד. ה. מקפּח געווען יענעם דעם שטיקעל ברויט, איז יעדער צוגעגאַנגען צו איהם און האָט געזאָגט איך בן ניט שולדיג, איך האָב מיין וואוט אָפּגעגעבען פאַר אייך, דער איינציגער וואוט איז געווען מיינער און דאָס זעלבע האָט יעדער געזאָגט.

רופט זיך אָפּ דער חזן:

— יאָ, מיינע ברידער, איינציג־ווייס זייט איהר יעדער גוט, נאָר אַלע אין איינעם טויגט איהר אויף כפּרות.



135

## דעם ערשטען מאָל אין אַזאַ „חברותא"

אַ מגיד וואָס איז געווען באַקאַנט אַלס אַ גרויסער למדן און אַ רייכער בעל־הבית, האָט זיצענדיג אין אַ געזעלשאַפט אין וועלכע עס האָבען זיך געפונען זיינע שונאים, זיך באַריהמט דאָס צווישען חזנים איז ער אַ חזן, צווישען תלמידי־חכמים איז ער אַ למדן, צווישען בעלי־בתים איז ער אַ בעל־הבית און צווישען רייכע איז אַ רייכער.

— און צווישען הינט? — האָבען זיינע שונאים איהם אונטערבראָכען.

— אין אזא „חברותא“ געפין איך זיך צום ערשטען מאָל — איז זיין ענטפער געוועז.

## 136

### שיקט דעם הונט אין חדר

א אינגעל איז געגאנגען אין חדר, אין איין האנט האָט ער גע־האַלטען דעם סדור און אין די צווייטע האָט ער געטראָגען א בולקע. אויפ'ן וועג איז איהם באַפאַלען א הונט און אַרויסגעריסען די בולקע פון איהם און איז אַנטלאָפען. דער אינגעל האָט א שליידער געטאָהן דעם סדור אויף דער ערד און א געשריי געטאָהן צום הונט: אויב דו האָסט ביי מיר צוגעכאַפּט די בולקע, נעהם אויך דעם סדור און געה אין חדר לערנען.

## 137

### אַן אזהרה פאַר דרשנים

ביי דעם עמוד איז אָנגעשריבען: „דע לפני מי אתה עומד“, דאָס באַדאַרפען מגידים און דרשנים נעהמען גוט אין זינען דאָס בשעת זיי שטעלען זיך דרש'ענען זאָלען זיי וויסען דעם עולם וואָס שטעהט פאַר זיי, און ניט זאָגען קיין פּלפּולים וואָס זיי וועלען ניט פאַרשטעהן, נאָר רעדען צו דער זאַך.

## 138

### ספירה־טעג

פאַר וואָס זיינען די ספירה־טעג אומעטיגע?
ווייל אַז מען הייסט ציילען, ווערט מען אומעטיג.

## 139

### אַלץ צוליעב אַ פאַלשען קוואָדער

— איך זאָג אייך, — האָט איינער זיך באַקלאָגט — עס איז אזא פאַלשע וועלט דאָס מען טאָר קיינעם ניט געטרויען וואָס א האָר האָט

די ווערטה. מיט אַ חודש צוריק האָט מיר אַ פּעדלער אַריינגעשטופּט אַ פאַלשען קוואָדער, טריי איך שוין דעם גאַנצען חודש איהם אויס־געבען, און עס געהט ניט. איך האָב שוין העכער אַ דאָלער געספּענדעט אויף די קאַרס האָפענדיג איהם אַרויסצו'פּטר'ען, אָבער יעדעס מאָל פלעגט דער קאָנדוקטאָר מיר איהם אָפּגעבען צוריק. נו, זאָגט איהר אַליין, איז דאָס ניט אַ פאַלשע וועלט?

### 140
## אַ רמז אויף קוגעל

דער וואָרט קוגעל מיינט „כגל“ און עס שטאַמט פון דער סעודה וואָס יעקב האָט מיט לבן'ען געגעסען אויף דעם הויפען שטיינער.

### 141
## ווער קוקט ניט אויף געלט?

— וועלכער מענש קוקט היינטיגע צייטען ניט אויף געלט?
— אַ בלינדער!

### 142
## גאָט ליעבט אָרימע לייט

אַ באַווייז דאָס גאָט האָט אָרימע לייט ליעב, וואָס ער האָט אַזוי פיעל אָרימע באַשאַפען אויף דער וועלט.

### 143
## זיי האַלטען פון בן־זומא

די וואָס זיינען פאַרקאַכט אין קאָרטען שפּיעלען טאָג און נאַכט, האַלטען פון בן־זומא'ס דרש: „ימי חייך — הימים, כל ימי חייך — הלילות“ און זיי פאָלגען איהם.

### 144
## אַמאָליגע און היינטיגע חזנים

וואָס איז דער אונטערשיעד צווישען די אַמאָליגע און די היינטיגע חזנים? די אַמאָליגע פלעגען זיך נוהג זיין ערב יום־כפור וועניג

צו עסען כדי זיי זאָלען האָבען אַ לייכטען תענית, און די היינטיגע האָבען אַ בעסערען מיטעל: איידער זיי געהען אין שוהל כאַפּען זיי אריין אַ גוטען ברעקפעסט.



145

## אַ גוטער איינפאַל

אַ משוגע'נער האָט אַ מאָל אָנגעבאַפּט זיינעם אַ שכן וואָס האָט געוואוינט אויפ'ן צווייטען שטאָק, און געזאָגט: קום לאָמיר אַראָפּ־שפּרינגען פון פענסטער.

— אָבער וואָס דאַרפען מיר שפּרינגען פון אויבען אַראָפּ, לאָמיר בעסער אַרונטערגעהן און אַרויפשפּרינגען פון אונטען, — האָט איהם דער קלאָרער געענטפערט.

— אי, רעכט! — האָט דער משוגע'נער ענטציקט געזאָגט.



146

## אַ געשפּרעך מיט אַ לעבעל ברויט

אַן אַרימאַן האָט גענומען מאַכען פּאָרווירפע אַ לעבעל ברויט.

— איך פאַרשטעה ניט, — האָט ער געזאָגט — וואָס פון מיין הויז וויכסטו און צו די רייכע קומסטו יעדען טאָג?

— פאַרוואָס זאָל איך פון דיר ניט וויכען? — האָט די ברויט איהם געענטפערט — אַז איך קום אַריין צו די רייכע, באַשמירט מען מיר מיט קעז און פּוטער, מען באַלייגט מיר מיט אַלדאָס גוטס, אָבער ווען איך קום אין אַ נאָוועגע אַריין צו דיר, כאַפּט זיך די גאַנצע הויז־געזינד צו צו מיר, מען רייסט מיר שטיקער ווייס און מען בראָקט מיר אַריין אין אַ שיטערען קרופּניק.



147

## ער וויל ניט ריזיקירען

אַ שדכן איז אַמאָל געקומען רעדען אַ פאַרשלומפּערטען אָפּ־געלאָזענעם ישיבה־בחור, אַ שדוך. דער שדכן האָט איהם געזאָגט, דאָס ער האָט פאַר איהם אַ שעהנע כלה מיט הונדערט רובעל נדן.

דער בחור איז גלייך מרוצה געווארען אויפ'ן שדוך און שוין גע־וואלט געהן אנקוקען די כלה.

— אבער ווי אזוי קען מען אין אזא הילוך געהן אנקוקען א כלה? — האט דער שדכן געזאגט. — וואש זיך פריהער ארום, קעם אוים די האר און יירניג אוים דיינע מלבושים. דו וועסט זיין ריין אויסגעוואשען און אויסגעצוואוגען, וועסטו קענען געהן זעהן די כלה.

— אבער וואס וועט זיין אויב איך וועל די כלה ניט געפעלען? — האט דער בחור ניט געוואלט ריזיקירען זיך אפוואשען און אראפנעהמען די בלאטע פון פנים.

— אויב דו וועסט איהר ניט געפעלען, וועסטו זיך דאך קענען ווידער אויסשמירען, — האט דער שדכן איהם געענטפערט.

## 148

### געהט ווייסט ווער די הינט זיינען געווען

קומענדיג צוריק פון פריץ, האט דער פאכטער דערצעהלט די ווייב, דאס בשעת ער אז געשטאנען מיט'ן פריץ און גערעדט האט ער געזעהן בערל'ען געהן אויסדינגען פון איהם די ארענדע, נאר דעם פריץ'ם צוויי הינט זיינען איהם באפאלען און אזוי האט ער דעם פאכט אויסגעדונגען אין גלייכען געלט.

— דו מיינסט, — האט זיין קלוגע אשת־חיל געזאגט — דאס די הינט זיינען פשוט'ע הינט געווען. דאס זיינען געווען מיין מאמע און דיין טאטע, זאלען א ליכטיגען גן־עדן האבען, וואס האבען זיך פאר אונזערטוועגען באמיהעט.

## 149

### א קל־וחומר פון א ישיבה־בחור

א ישיבה־בחור האט זיך אמאל אנגערופען: איך פארשטעה ניט אויף וואס מען באדארף האבען קישענס מה דאך אז מען לייגט זיך זיך אויף איין פעדער איז הארט, א פשיטא שוין אויב מען לייגט זיך אויף א זאק פעדערען איז דאך אודאי און אודאי הארט! נו, איז

דען ניט אַ גארישקייט וואָס מענשען שלאָפען אויף קישענס און פּערענעס ?

150

## „אנעים זמירות" איז די בעסטע שותפות

אַ ישוב'ניק האָט אמאָל געזאָגט, דאָס די בעסטע שותפות איז צו מאַכען מיט אנעים זמירות. דאָ געהט גלייך אויף גלייך: מיר אַ פּסוק און דיר אַ פּסוק.

151

## שכירות פאַר אַ שניידערשען מגיד

חברה שניידערס האָבען אַ מאָל געמאַכט אַן אסיפה דורכצוטראַכטען פלענער פון וואַנען צו צאָהלען זייער מגיד שכירות. האָט איינער פון זיי געמאַכט אַ פאָרשלאַג דאָס זיי זאָלען געבען דעם מגיד אוועקשטעלען אַ פעסעל, און יעדער איינער פון זיי זאָל יעדען פרייטאָג אריינגיסען אַ גלעזעל שנאַפּס, וועט דער מגיד האָבען פון דעם זיין חיונה. דער פאָרשלאַג איז אלעמען געפעלען, און זיי האָבען זיך אונטערגענומען דאָס צו טאָהן.

אָבער אַז דער מגיד האָט געוואָלט פאַרקויפען דעם שנאַפּס, האָט ער די גאַנצע פעסעל געפונען פול מיט וואַסער. יעדער שניידער האָט ביי זיך געטראַכט: אַ קליין גלעזעל וואַסער וועט אין אַ פולע פעסעל בראַנפען ניט קענטיג זיין, און אַזוי פלעגט יעדער איינער ברענגען וואַסער אנשטאַט שנאַפּס.

152

## דאָס הייסט ניט געשאָלטען

אַ מאַן און אַ ווייב וואָס פלעגען זיך שטענדיג שילטען מיט טויטע קללות האָבען איינמאָל אפּגעמאַכט ביים רב מעהר זיך ניט צו שעלטען, און צו באוואָרענען זיך האָבען זיי ביידע געשוואָרען פאַר'ן רב דאָס מעהר וועלען זיי פון זייער מויל ניט ארויסלאָזען אַ קללה. איידער זיי זיינען אוועק, רופט זיך אָפּ די ווייב צום רב: איהר מיינט

דאָך רבי, אַז ער וועט האַלטען וואָרט, אַזוי פיעל גוטע יאָהרען מיר און מכות איהם וויפיעל קללות ער וועט מיר נאָך געבען אפילו איידער מיר וועלען נאָך אהיים קומען.

## 153

### צו וואָס אַ קאַרגער איז געגליכען

קאַרגע מענשען זיינען אַזוי ווי אַ שוואָם, וואָס נעהמט אריין אַ סך און אויב מען דריקט דאָס ניט שטאַרק, גיט עס גאָר ניט ארויס.

## 154

### בעסער זאָל דער מזבח וויינען

— זאָג נאָר ליבעל, — האָט זיך איין יונגער מאַן אָנגערופען צום צווייטען — ס'איז אמת וואָס מען זאָגט דאָס דו ווילסט זיך גט'ן מיט דיין פרוי. דו ווייסט דאָך וואָס די גמרא זאָגט, דאָס אויב מאַן און ווייב גט'ען זיך, וויינט דער מזבח.

— אָבער איידער איך, זאָל שוין בעסער דער מזבח וויינען.

## 155

### דער רב עסט אָהן אַ היטעל

— הערסט קלמן, איך בין נעכטען געווען ביים רב פרעגען אַ שאלה, האָב איך איהם געטראָפען עסען אָהן אַ היטעל.

— דו לייקענסט ! דער רב וועט אָהן אַ היטעל ניט עסען.

— געוויס ! ער האָט געגעסען אין אַ יאַרמולקע.

## 156

### עקזאַמען פון אַמעריקאַנער קינדער

אַ רעליגיאָנס-לעהרער האָט ביי אַן עקזאַמען געפרעגט איינעם פון די קינדער פאַר וואָס האָט מען אדם'ען ארויסגעטריבען פון גן עדן ?

— ווייל, — האָט דער אינגעל שנעל געענטפערט — ער האָט ניט באַצאָהלט קיין דירה־געלט.



157

## ער האָט געמוזט שטאַרק זינדיגען

א דייטש איז אמאָל געקומען צו א ליטווישען רב אַרויסנעהמען ביי איהם א תשובה אויף עסען חזיר. דער רב האָט פיעל נאָכגעטראַכט, און נאָכדעם האָט ער איהם געהייסען יעדען טאָג זאָגען נאָכ'ן דאַווענען א קאַפּיטעל תהלים. דער דייטש האָט די תשובה אָנגענומען און ער פלעגט יעדען טאָג אָפּהיטען זאָגען דעם קאַפּיטעל תהלים.

אין עטליכע חדשים שפּעטער האָט ער גערעדט צוזאַמען מיט א ליטווישען אידעל, זעהט ער ווי דער ליטוואַק נעהמט א תהלים און זאָגט געשמאַק אפשר א דרייסיג קאַפּיטלעך תהלים. דער דייטש האָט זיך שטאַרק פאַרוואונדערט און ניט קענענדיג זיך איינהאַלטען האָט ער זיך אָנגערופען: „איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט דאָס אַזא אידעל זאָל אַזוי פיעל זינדיקען און אַזוי פיעל חזיר עסען“.



158

## „כורעים“ מיט א בולקע

א ישוב'ניק האָט אמאָל געפרעגט וואָס טהוט מען בשעת מען פאַלט כורעים? די פראַגע האָט ער צופעליג געפרעגט איינעם א וויצלינג, און יענער וועלענדיג מאַכען שפּאַס פון דעם אונוויסענדען ישוב'ניק, האָט איהם געזאָגט: איהר ווייסט ניט? בשעת מען פאַלט כורעים כאַפּט מען איבער דאָס האַרץ מיט א שטיקעל בולקע. קומענדיג אין שוהל האָט דער ישוב'ניק מיטגענומען א שטיק חלה. און בשעת דער עולם האָט זיך אויפגעהויבען, האָבען זיי געזעהן דעם ישוב'ניק ליגען און קייען געשמאַק די חלה. עס איז געוואָרען א גרויס געלעכטער און דער עולם האָט זיך גענומען צו איהם: סטייטש, ווי טהוט דאָס א איד אַזא זאַך צו עסען יום־כפּור און נאָך ווען, ביי כורעים? דער ישוב'ניק האָט זיך אָבער ניט וויסענדיג געמאַכט און געזאָגט: גוט איז אייך איהר האָט געזונטע צייהן און עס נעהמט ביי אייך ניט פיעל אויפצועסען א בולקע, איך האָב אָבער קיין צייהן ניט

און עס מוז ביי מיר גערויערען לענגער. וואָס זשע לאַכט איהר אזוי פון מיר?

159

## דאָס הייסט אַ הייליג פאָלק

אַז אַרימאַן איז אַריין נאָך אַ נדבה, זעהט ער ווי צוויי יונגע לייט זיצען צוזאַמען מיט אַ מיידעל שפּילען אין קאָרטען און מאַכען זיך לוסטיג. דער אַרימאַן האָט אַ שאָקעל געטאָהן מיט'ן קאָפּ און אַ מורמעל געטהון: ישראל עם קדושים המה, אָט דאָס הייסט אַ הייליג פאָלק! איינער פון די יונגע לייט האָט דאָס באַמערקט און געזאָגט: אויב איהר וועט מיר זאָגען די כונה פון דעם באַקומט איהר פון מיר אַ שעהנע נדבה.

— פאַר וואָס זאָל איך אייך ניט זאָגען — האָט דער אַרימאַן געזאָגט, — אַמאָל האָבען אידען געמעגט חתונה האָבען מיט עטליכע פרויען אויף אַ מאָל, איז געקומען רבינו גרשום און פאַרבאָטען צו נעהמען צוויי ווייבער. היינט זעה איך ווי צוויי יונגע לייט נעהמען איינע, איז דאָס ניט „ישראל עם קדושים המה“ הייסט דאָס ניט אַ הייליג פאָלק?

160

## קיין זכר ניטאָ

איין ישיבה בחור האָט געפרעגט דעם צווייטען: פּסח צום סדר לייגט מען אַלץ פאַר אַ זכר: חרוסת, איז אַ זכר לטיט; מרור, אַ זכר אויף די ביטערניש וואָס די אידען האָבען געפיהלט אין מצרים; פאַר וואָס זשע לייגט מען ניט קיין געלד פאַר אַ זכר? די אידען זיינען דאָך אַרויס פון מצרים ברכוש גדול?

— וואָס פאַרשטעהסטו ניט? — האָט איהם זיין חבר געענטפערט — פון יענע געלט איז שוין לאַנג קיין זכר ניטאָ, אָבער די ליים קענטען מיר נאָך אויך איצט און די ביטערניש איז ביז היינטיגען טאָג פאַר־בליבען.

161

## ער האָט ווער ס'זאָל איהם בענשען

יום־טוב אין מיטען חזרת הש"ץ, האָט אַ בעל־הבית באַמערקט זיין שכן צונויפלייגען דעם טלית. ער האָט איהם געפרעגט: וואָס איילט איהר זיך אַזוי ר' קלמן? איהר ווילט גאָר ניט וואַרטען אויפ'ן דוכענען?

— וואָס וועט זיין אַז איך וועל וואַרטען? — האָט ער איהם געזאָגט.

— וואָס הייסט? סטייטש, ר' קלמן! די כהנים וועלען דאָך אייך בענשען!

— ניט נויטיג! איך האָב אַ ווייב וועלכע בענשט מיר שוין איבערגענוג.



162

## ער באַזאָרגט זיך ביים לעבען

מען האָט אַ קלוגען רייכען בעל־הבית געפרעגט, ווי קומט עס וואָס ביידע אייניקלעך זיינע זיינען כהנים?

— פאַרשטעהט איהר? איך וויל זיך באַזאָרגען ביי לעבען, דאָס די איידעמס זאָלען זיך ניט איבער מיין טויטען קערפּער, שלאָגען איבער דער ירושה.



163

## בטל בששים

אַ פּוסטער יונג וואָס האָלט זיך פאַר אַ גרויסען חכם, האָט מיר געוואָלט קיבעצען און אָפּשפּאָטענדיג פון דער תורה, האָט ער מיר געפרעגט: זאָגט מיר רבי, אויב איך האָב אַ געשוויר אויפ'ן האַלז און די דאָקטוירים הייסען מיר צולייגען פּוטער, מעג איך דאָס טאָהן אָדער ניט, צוליעב דעם חשש פון בשר בחלב?

האָב איך געענטפערט: „איהר מוזט וואַרטען נאָך צעהן טעג, וועט דער געשוויר ווערען זעכציג מאָהל גרעסער, און אויב איהר וועט דאַן צולייגען פּוטער וועט דאָס בטל בששים ווערען".

164

## פאר וואס איז מען היינט מעהר קראנק

מען האט מיר געפרעגט: פאר וואס איז מען היינט מעהר קראנק ווי אמאל, אזוי דאס מען האט נאר צו טאהן מיט דאקטוירים? האב איך געענטפערט: א מאל פלעגט א איד זאגען „יקום פורקן מן שמיא“, די הילף זאל קומען פון הימעל נאכדעם האט מען אויך איינגענומען „חינא“, מעדיצין. היינט אבער איז אויב מען פיהלט ניט גוט, נעהמט מען גלייך „חינא“ מען לויפט צו דאקטוירים און מען נעהמט מעדיצין, אז דאס העלפט אבער ניט כאפט מען זיך איצט צום „יקום פורקן“ און מען זוכט הילף זאל קומען „מן שמיא“.

165

## הבל איז געווען געראטען אין אדם׳ען

אדם האט געהאט צוויי זיהן קין און הבל ווער פון זיי איז מעהר געראטען געווען אין פאטער? ווער איז מעהר עהנליכער געווען צו אדם׳ן? ווי געווייס הבל. אין פסוק שטעהט דאך „אדם להבל דמה“.

166

## זיי בייטען זיך מיט די ראליען

ביי דער חופה נעהמט די פרוי אן דעם מאנ׳ס נאמען, אבער ביי א באנקראט נעהמט דער מאן אן דעם נאמען פון זיין פרוי.

167

## וואס מיינט א לעהרער?

פארצייטענס האט מען דעם וואס האט געלערענט מיט קינדער גערופען מלמד, היינט הייסט ער לעהרער. דער נאמען פאסט טאקע פאר פיעלע אזעלכע לעהרער. עס מיינט: פוסטע און ליידיגע יונגען.

168

## אויב ביטער איז כשר

צו דעם גאון ר׳ צבי לונשיצער איז אמאל אן ארימע פרוי געקומען מיט א שאלה וועגען א הון וואס די גאל איז ניט ביטער געווען. דער רב האט גלייך דערקענט דאס די פרוי איז זעהר אן ארימע און ער האט געזוכט א היתר אויף דער הון. ער האט געזוכט, געשמעקט און געלעקט די גאל. ענדליך איז איהם איינגעפאלען, הייסען די אידענע א לעק טאָהן און איהם זאָגען צו זי פיהלט א ביטערניש. די אידענע האט א געשריי געטאָהן: אוי, רבי! מיר איז פינסטער און ביטער! „כשר, כשר כשר!" — האט דער רב אפּגעענטפערט און מתיר געווען די שאלה.

169

## מען דאַרף ווערען פרומער

שבת נאָכמיטאג, האט זיך אנגערופען א פרוי צו איהר מאן: ווארום האסטו, חיים, היינט געמאכט אזא קליינעם פייער?

— היינט האט מען דאך געבענשט ראש־חודש אלול, — האט ער איהר געענטפערט — און מען מוז אנהויבען ווערען א פרומער האב איך דעריבער געמאכט א קלענערען פייער.

170

## דער „מה נשתנה" פון א רעפאָרמער

א רעפאָרמער אז ער זאגט די הגדה בעדאַרף ער דעם „מה נשתנה" אויסטייטשען אזוי: „אלע נעכט פון א גאנצען יאהר עסען מיר נאר חמץ אבער „הלילה הזה", די נאכט פון פסח, עסען מיר חמץ מיט מצה צוזאמען".

171

## א קלוגער ענטפער פון א קינד

— שעהם זיך סילי, — האט זיך א מוטער אנגערופען צו איהר זעקס־יעהריגע טעכטערעל — האסט ווען געזעהן אז דיין מאמע זאל האבען אזעלכע שמוציגע הענד ווי ביי דיר?

— ניין, מאַמע — האָט דאָס קינד געענטפערט — איך האָב ניט געזעהן, אָבער דיין מאַמע האָט יאָ געזעהן.

172

## תורה, עבודה וגמילות חסדים

אין אַמעריקע זיינען אָנגעקומען צוויי אימיגראַנטען, פון דער היים גאַנץ איינפאַכע יונגע לייט, נאָר אין אַמעריקע האָבען זיי זיך איינגעאָרדענט אין אַ קאָנגרעגיישאָן, אַזוי אַז איינער איז געוואָרען רעווערענד (רב) און דער צווייטער אַ חזן.

אַמאָל איז אין דער געמיינדע געקומען אַ קלוגער מענש. אַז ער האָט באַטראַכט די צוויי פּאַרשוינען וואָס פאַר אַ סאָרט אַמטען זיי פאַרנעהמען, האָט ער אויף מיטינג אַמאָל געזאָגט:

תורה, עבודה און גמילות חסדים די זיילען אויף וואָס די וועלט שטעהט, האָבען זיך אַמאָל באַקלאָגט, דאָס זיי האַלטען שמאָל, דער עולם האָט אויפגעהערט לערנען און מען טהוט ניט קיין מצוות און מען האַלט ניט פון צו געבען דעם צווייטען אַ גמילת חסד.

די תורה זאָגט, וואָס וועט זיין פון דער וועלט?

— ניש קשה, — רופט זיך אָפּ דער קול פון הימעל. — כל זמן עס איז פאַראַן אַ רב וועט די תורה ניט אויפהערען.

די עבודה האָט זיך באַקלאָגט: אַז מען האָט אויפגעהערט דאַ־ווענען. ענטפערט מען איהר פון הימעל: כל זמן עס עקזיסטירט נאָך אַ חזן, וועט מען דאַווענען.

גמילות חסדים טענה'ט: מען טרויט קיינעם ניט פון האַנט, וואָס וועט זיין פון דער וועלט?

— דאגה ניט, וויבאַלד עס עקזיסטירט נאָך שמעק טאַבאַק, בלייבט דער גמילות חסדים גאַנץ — ענטפערט אַ בת קול.

— רבש"ע, טאַטע אין הימעל! — האָט זיך דער גמ"ח בעקלאַגט — זע, מיינע חברים האָסטו איבערגעגעבען אַזוינע צוויי וויכטיגע לייט, דעם רב און דעם חזן און מיך פּטר'סטו מיט אַ שמעק טאַבאַק, פאַר־וואָס קומט דאָס מיר אַזוי?

שרעק זיך ניט — האָט דער בת־קול געענטפערט — דער רב און דער חזן זיינען קיין שמעק טאַבאַק אויך ניט ווערטה.

173

## צוליעב וואָס אַמעריקאַ דאַרף האָבען אַ רב

אמעריקע דאַרף האָהבען אַ רב אויף בייזע חלומות. אַז עס חלומ'ט זיך אַ גוטער חלום, האַלט מען פאַר זיך. אַ שלעכטען ברענגט מען צום רב פּותר חלום זיין.

174

## ער וויל זיך ניט „פייטען"

אַ מלמד איז געזעסען מיט זיינעם אַ תלמיד אַן אַמעריקאַנער אינגעל, און געלערענט מיט איהם די משנה אין בבא מציעא: „שנים אוחזין בטלית". דער רבי פאַרטייטשט איהם: „שנים אוחזין בטלית, אַז צוויי האָבען געהאַלטען אַ בגד, זה אומר אני מצאתיה וזה אומר אני מצאתיה, איינער טענה'ט: איך האָב דאָס געפונען און דער צווייטער טענה'ט אויך דאָס זעלבע". דער רבי רייסט זיך דאָס האַרץ, ער וויל די משנה אריינהאַקען דעם אינגעל אין קאָפּ. דער אינגעל זיצט זיך אָבער ווי ניט איהם מיינט מען. דער רבי הויבט אָן צו שרייען: „זאָגזשע פויער, זאָגזשע באַם דעם פּשט", אָבער דער אינגעל הויבט זיך אויף, פאַרמאַכט די גמרא און זאָגט: איך וויל ניט לערנען אַזאַ גמרא וואו צוויי קריגען זיך איבער אַ בגד. זיי וועלען געוויס זיך באַלד נעהמען „פייטען", און די מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט ניט צו שטעהן דאָרט וואו מען „פייט" זיך.

175

## אַמעריקאַנר מלמדים

אין דער הגדה שטעהט: „ויהי שם לגוי, מלמד". וואו עס האָט זיך ערגעץ אין פּוילען און גאַליציע געפונען אַ „גוי", איז ער אריבער־געקומען קיין אַמעריקאַ און דאַ געוואָרען אַ „מלמד".

176

## ביי וועמען „מרור" איז אַן אַרטיקעל

מרור איז אַזאַ אַרטיקעל וואָס אָרימע־לייט האָבען עס אַ גאַנץ יאָהר און רייכע — פּסח אויך ניט...

## 177

### מיט א באָרד איז מען א „רב“

מען האָט מיר אנומעלט געפרעגט פאַרוואָס האָט מען דעם רב אין רוסלאַנד גערופען רב מיט אַ קמץ, און דאָ אין אמעריקאַ הייסט ער רב מיט אַ פּתח?

מיין ענטפער איז געווען: אין רוסלאַנד האָט דער רב געהאַט אַ באָרד אונטער די וואָנצעס, האָט דאָס אויסגעזעהן ווי אַ קמץ, און דער רב איז דעריבער געווען אַ ראָב; דאָ אין אמעריקע וואו די רבנים גאָלען די בערד און מעהר ווי די וואָנצעס לאָזען זיי ניט, איז ער אַ באַ׳פּתח׳טער ראַב.

דערזעלבער מאַן האָט מיך אויך געפרעגט: ווי זאָל מען אָנרופען די רבנים וואָס זיינען אין גאַנצען אָפּגעשוירען אָהן אַ באָרד און אָהן וואָנצעס?

— אַט אַזאַ באַדאַרף מען רופען דאָקטאָר, ווייל ער ווייסט פון אידישקייט אַ קרענק, — איז מיין ענטפער געווען.



## 178

### אַ טענה צום רבונו של עולם

רבי לוי יצחק באַרדיטשעווער זכרונו לברכה, איז שטענדיג געווען אַ מליץ יושר אויף אידען און אפילו אויף דעם ערגסטען האָט ער געפונען אַ זכות.

ער האָט זיך אַמאָל גענומען אויס׳טענה׳ען מיט׳ן רבונו של עולם, בזה הלשון: „הער זיך איין רבונו של עולם! אויב דו וועסט האָבען צופיעל טענות אויף דיינע קינדער, די אידען, וועל איך אויף דיר אויסזאָגען... און איך האָב אויף דיר אויסצוזאָגען, גאַרניט קיין שעהנע זאַך און דאָס איז: אויב דו זאָגסט אַז אידען טויגען ניט, וועל איך זאָגען אַז דו לייגסט אַלע טאָג פּסול׳ע תפילין. אין אונזערע תפילין שטעהט דאָך געשריבען „שמע ישראל“ און מיר זאָגען דאָך „אתה אחד“, און אין דיינע תפילין שטעהט דאָך אויך געשריבען „ומי כעמך ישראל גוי אחד“. היינט אויב דו וועסט זאָגען אַז די אידען טויגען ניט, הייסט דאָך דאָס פּסול׳ע אידען, קומט דאָך אויס אַז דו לייגסט פּסול׳ע תפילין.

179

## דער חיבור איז געגען דער וועלט

א יונגער רב האט זיך מתקנא געווען אז די אלע רבנים וואס זיינען מחברים פון פארשיעדענע ספרים און זייער נאמען ווערט באוואוסט אין דער וועלט.

ער האט זיך אוועקגעזעצט שרייבען א חבור, איבער וועלכען ער איז געזעסען א פאר יאהר צייט. ווען ער איז געווארען פארטיג איז ער געפאהרען צו דעם בריסקער רב בעטען פון איהם א הסכמה אויף זיין ספר כנהוג.

דער בריסקער רב האט דורך געקוקט אויבען אויף דעם חבור, און זאגט איהם:

— איך קאן דיר ליידער קיין הסכמה ניט געבען.

— פאר וואס? — האט ער הכנעה'דיג געפרעגט.

— ווייל, פארשטעהסט איהר מיך, איהר געהט געגען דער וועלט.

— דהיינו, מיט וואס?

— אט אזוי זעה איך פון דיין חבור.

מיינענדיג אז ער האט עפעס מחבר געווען צו הויכע געדאנקען, בעט ער ביי דעם רב, ער זאל איהם זאגען מיט וואס איז ער געגען דער וועלט.

ענטפערט דער רבי:

די גאנצע וועלט איז זיך נוהג מאכען פון שמאטעס פאפיר, און איהר האט געמאכט פון פאפיר שמאטעס.



180

## ער איז גרעסער פון רמב"ם

דער מלבי"ם האט אמאל געזעהן א רייכען אידען עסען חזיר. האט ער זיך אנגערופען: עס ווייזט אויס דאס איהר זייט גרעסער פונ'ם רמב"ם. דער רמב"ם זאגט, דאס ער ווייסט ניט דעם טעם פון אסור חזיר, און ווי איך זעה ווייסט איהר יא דעם טעם...

181

## דער ריכטיגער באַנק־קוועטשער

אַ רייכער מעמבער אין מיין שוהל, וואָס האָט אויף מיר געהאַט אַ כעס, האָט מיר אויפגעוואָרפען דאָס איך בין אַ באַנק־קוועטשער.

— אַזעלכע באַנק־קוועטשער ווי איך און מיין גלייכען, — האָב איך איהם רוהיג געענטפערט — האָבען די וועלט קיין רעה ניט געטאָהן. אדרבה, אַ דאַנק אונזער באַנק־קוועטשען האָט איהר רבנים, דרשנים און תלמידי־חכמים וואָס פאַרשוינען די וועלט מיט זייער תורה, אָבער בשעת איהר האָט דאָ ניט לאַנג אַ קוועטש געטאָהן די באַנק און געמאַכט אַן „אָנזעצעל" האָט איהר נעבעך צוגעקוועטשט אַלמנות און יתומים, אונגליקליך געמאַכט הונדערטער מענשען. ווי עס ווייזט אויס, זייט איהר דער ריכטיגער באַנק־קוועטשער.

182

## מעג זי טרינקען?

מען האָט מיך אַנומעלט געשיקט רופען צו אַן אַלטע רייכע פרוי וועלכע איז געלעגען קראַנק, צו זאָגען ודוי מיט איהר. נאָכ'ן אָפּזאָגען האָט זי זיך צו מיר געווענדעט מיט אַ שאלה: מעג איך, רבי, נעהמען אַ טרונק וואַסער צו איך מוז שוין שטאַרבען?

183

## „קלאָב" בלשון רבים

איינער האָט מיר געפרעגט: ווי אַזוי רופט מען בלשון רבים אַ „קלאָב".

— עס איז גאָר פשוט — האָב איך געענטפערט, — דער רבים פון „קלאָב איז „כלבים".

184

## ער קלייבט געלט

פיעלע זאָגען: אַט יענער האָט געלט ווייל ער קלייבט. עס איז אָבער אַ גרויסער ליגען. ווען ער וואָלט געקליבען, וואָלט ער ניט געהאַט. דוקא ווייל ער קלייבט ניט נאָר ער נעהמט, האָט ער.

185

## ער בעט איהם ניט צו פאַראיבעל האָבען

א הונגעריגער אָרימאַן איז מיטאָג־צייט אריין אין אַ רייכע הויז און געטראָפען דעם גביר זיצען איבער אַ פעטען מאָלצייט און געשמאַק געגעסען. דער אָרימאַן האָט געבעטען מען זאָל איהם עפּעס דערלאַנגען צו עסען. דער גביר האָט איהם אָבער ענטזאָגט, און צוויי מאָהל געזאָגט: האָט מיר קיין פאַראיבעל ניט, איך האָב אייך גאָר ניט וואָס צו געבען.

— האָט איהר מיר קיין פאַראיבעל ניט — האָט דער אָרימאַן איהם נאָכגעח׳זר׳ט — איך בעט אייך האָט רחמנות אויף אַ הונגעריגען, האָט מיר קיין פאַראיבעל ניט וואָס איך בעט אייך אַ צווייטען און אַ דריטען מאָל.

דער גביר האָט זיך געוואונדערט וואָס דער אָרימאַן בעט איהם עטליכע מאָל ניט צו פאַראיבעל האָבען, און האָט איהם געפרעגט די אורזאַכע.

— געוויס הארף איך אייך בעטען ניט צו פאַראיבעל האָבען, — האָט דער אָרימאַן דערקלעהרט — די גמרא זאָגט „בזמן שבית המקדש היה קיים, מזבח היה מכפר, ועכשו שלחנו של אדם מכפר". אויב אַ איד עסט כשר׳ע שפייז מאַכט אַ ברכה, זאָגט דברי־תורה, בענשט און רופט אַן אָרימאַן מיט־עסען מיט איהם, ווערט דער טיש פונקט ווי גאָט׳ס מזבח. איז, וואָלט איהר מיר געגעבען עסען, וואָלט איך דאָך אייער כפרה געווען און איהר וואָלט מיר טאַקע באַדאַרפט בעטען איך זאָל אויף אייך ניט האָבען פאַראיבעל, אָבער אַז איהר האָט מיר ניט געוואָלט געבען עסען, האָט זשע ניט פאַראיבעל אויף מיר און ווערט מיין כפרה.



186

## ווי אַזוי מען האָט זיך צוטהיילט מיט די צובראָכענע לוחות

ווען משה האָט צובראָכען די לוחות, איז אין איין זייט געפאַלען לא׳ס — ניט — און אויף די צווייטע זייט די תגנוב׳ס, תנאף, תחמוד. צופעליג זיינען די לא׳ס געפאַלען אין דער זייט וואו די אָרימע לייט זיינען געשטאַנען און דער תגנוב און די אַנדערע זאַכען, זיינען אָנגעקומען צו די גבירים.

187

## אויך מיר אַ רב

אין אַ שטעדטעל האָט מען אויפגענומען אַ רב, אַ גרויסער למדן און צדיק. אַלע בעלי־בתים זענען העכסט צופריעדען געוועזן פון איהם, נאָר איין בעל־הבית קומענדיג אַ מאָל פון אַ באַזוך אין רב'ס הויז האָט זיך אויסגעדריקט: וואָס מאַכט איהר דאָס אַזאַ וועזען פון אונזער רב? ביז ער האָט מיר אויפגענומען האָב איך אפשר העכער אַ שטונדע געוואַרט, ווייל ער איז געזעסען פאַרטיעפט איבער אַ גמרא און געלערענט. וואָס איהר האָט שוין ניט געקענט באַקומען אַ רב וואָס קען שוין לערנען, און ניט נעהמען אַזאַ רב וואָס לערנט ערשט?

═▣═

188

## פאַר וואָס ער ווערט אוים מעמבער

אַז עס שטאַרבט אַ מעמבער, איז בשעת מען לאָזט דעם נפטר אַראָפּ אין קבר, שרייט דער שמש אוים: „זייט וויסען ר' דוד איהר זייט אָפּגעזאָגט פון אונזער חברה". דאָס זאָגט מען איהם אָפּ פון דער חברה, ווייל ער הערט אויף צו צאָהלען.

═▣═

189

## אַ שנעפּסעל קען ער אַליין קויפען

ביי אונז אין שטעדטעל איז געוועזן אַ איד אַ גרויסער אָרימאַן און וויצלינג, מיט'ן נאָמען יאָסעל לאַטוטניק. ער פלעגט שטענדיג בעטען צו גאָט: „רבונו של עולם! דו גיב מיר נאָר „לחם לאכול" ברויט צו עסען „ובגד ללבוש" און אַ בגד אויף אָנצוטאָהן, דאָס וויל איך פון דיר, און אַ שנעפּסעל וועל איך זיך שוין אַליין קויפען.

═▣═

190

## אוי האָט ער זיי געגעבען

אַז דער רב זאָגט אַ גוטע מוסר־דרשה, איז ווען דער עולם צוגעהט זיך, קענט איהר איינעם הערען זאָגען צום אַנדערען: אוי, האָט ער זיי

געגעבען! אוי האָט ער זיי געגעבען! זיך, דעם „שעהנעם איד“ נעהמט ער אָבער ארוים פון כלל.

191

## מען קען איהם גלויבען

אַן אָרימאַן האָט זיך אַמאָל אָנגערופען: רבונו של עולם, גיב מיר צוויי מאָל הונדערט טויזענט דאָלער! איך פאַרזיכער דיר דאָס א העלפט פון דעם וועל איך אַוועקגעבען אויף צדקה. נאָר טאָמער גלויבסטו מיר ניט, צוטייל דו אַליין אַ העלפט און די הונדערט טויזענט דאָלער גיב מיר.

192

## וואו זיינען די אידישע שוהלען?

אַז עס קומט אין אַמעריקא אַ רב אָדער אַ דרשן, פיהרט מען דעם גאַסט אין די שוהלען און מען וויזט איהם אַן אַ ליטווישע שוהל, אַ פּוילישע, אַ רוסישע, אַ רומענישע, אַן אונגארישע און וואָסערע שוהלען איהר ווילט נאָר אַליין, אָבער אַ אידישע שוהל איז ניט צו זעהן.

193

## אַ נדבן אויף זיין ווייב׳ס יאָהרען

דער רב פון מיין געבורטס שטעדטעל איז קראַנק געוואָרען און געוואָרען אַ נוטה למות. אין שטאָדט איז געוואָרען א גערודער, און אַלע אידען זיינען געלאָפען ראַטעווען דעם אַלטען רב. אין די בתי מדרשים האָט מען תהלים געזאָגט און פיעלע בעלי בתים האָבען אויף זיך גענומען דעם רב׳ס יאָהרען צו פאַרלענגערען, מיט דעם וואָס יעדער איינער וועט איהם שענקען עפּעס פון זיינע יאָהרען. אייניגע האָבען געגעבען אַ טאָג, אַ וואָך, אַנדערע עטליכע האָבען מנדב געווען עטליכע חדשים.

אין מיטען שפּרינגט ארויס אַ שניידער און גיט אַ געשריי: רבותי, איך בין וויליג צו שענקען דעם רב גאַנצע צוואַנציג יאָהר!

דער עולם איז געבליבען געפּלעפּט. אויף אזא נדבה פון א פּשוט'ן שניידער, האָט זיך קיינער ניט גערעכט.

אז מען האָט איהם געפרעגט: ווי אזוי ער ערלויבט זיך גאנצע צוואנציג יאָהר אוועק־צו־געבען, האָט ער מיט א שמייכעל געענטפערט: איך גיב דען מיינע, מיין ווייב'ס יאָהרען בין איך מנדב!



## 194

## ער האָט דעם טאַטען אין דער ערד

א טאַטע מיט א זוהן זיינען געזעסען און געשפּיעלט אין קאָרטען. פרעגט דער זוהן דעם טאַטען, וואָסערע קאָרטען ער האָט. „טייז־פּיק", האָט דער טאַטע געענטפערט. „אויב אזוי", רופט זיך אָפּ דער זוהן, „האָב איך דיר טאַטע, אין דער ערד. אָט האָסטו מיינע קאָרטען".



## 195

## ער האָט די קאָפּ אין דער ערד

מיינער א פריינד א גרויסער לערנער מיט אן עלוי'שען קאָפּ, האָט אָבער ניט געקענט באַקומען א שטעלע און האָט זיך גענומען צו פּעדלען, און דערביי ניט שלעכט אויסגעמאַכט. ער פלעגט יעדען טאָג קומען פּינקטליך צו מיר, און ביי א גלעזעל טהיי פלעגען מיר פאַרברענגען אין דברי תורה.

איינמאָל איז ער פּלוצלונג נעלם געוואָרען און האָט אויפגעהערט צו קומען מיר באַזוכען. אז עס זיינען פאַריבער עטליכע טעג, בין איך איהם געגאַנגען אויפזוכען, און ווי דערשראָקען בין איך געוואָרען דערזעהענדיג איהם ליגען מיט דעם קאָפּ זיינעם אויף דער ערד און די פיס אויפ'ן בעט, און אזוי ליגענדיג האַלט ער א צייטונג אין די הענט און לייענט אויפ'ן קול די טאָג־נייעס.

— וואָס איז מיט אייך? — האָב איך א דערציטערטער געפרעגט.

— גאָרניט. אזוי איז עס אין אַמעריקע, די קאָפּ ליגט אין דער ערד, דער עיקר זוכט מען די הענט און פיס צו געהן. נו, מיינע פיס באַדאַרף איך אָרויפצוקלעטערען מיט מיין וואָרע אויף די שטיגען, דאַרפען זיי דעריבער ליגען אין בעט אָפּרוהען זיך, מיין קאָפּ — מיין

תורה, — איז ניט קיין אומגליק אויב ער וועט ליגען אויף דער ערד. ווער דארף דאס האבען?

196

די „חיות הקודש" פון א שוהל־פּרעזידענט

שבת נאכ'ן דאווענען האב איך געזעהן ווי א שוהל־פּרעזידענט איז ארויס פון שוהל, האט זיך אריינגעזעצט אין זיין אויטאמאביל און מיט א שטאלצע מינע אוועקגעפאהרען. איך האב אויף איהם גע־זאגט: „המתגאה על חיות הקודש", דער פּרעזידענט וואס גרויסט זיך מיט זיין גאוה אויף די „חיות הקודש" די אידעלעך, זיצט אויבען־אן נעבען ארון הקודש און בלאזט פון זיך, איז בשעת ער געהט ארויס פון שוהל „נהדר בכבוד על המרכבה", זעצט זיך מיט א שטאלצע מינע אוועק אין אויטאמאביל און פאהרט, ניט רעכענענדיג זיך מיט קיינעמס מיינונג.

197

א וכוח מיט א מיסיאנער

א מיסיאנער האט געוואלט פארפיהרען א וכוח מיט א אידען, זאגט ער איהם: „דיין גאט איז שוין אלט איז דען ניט גלייכער צו גלויבען אין זיין זוהן וואס איז פיעל אינגער פון איהם?..."

דער איד האט איהם אבער איבערגעשלאגען אין מיטען: דער זוהן איז שוין אויך ניט אזוי יונג, ער איז שוין א צוויי טויזענט יאהר אלט, איך וועל שוין בעסער ווארטען אויפ'ן אייניקעל.

198

אפּגעטהאן איהם אויף טערקיש

אן אפּיקורוס האט געוואלט עסען יום־כפּור, האט די ווייב צו־נעכאפּט די קווארט, ער זאל ניט האבען מיט וואס צו וואשען זיך.

199

פּורים־שפּיעל

המן'ס מפּלות און אידישע שמחות, זיינען טאקע ניט מעהר ווי א פּורים־שפּיעל.

## 200

### ווען מאַן און פרוי פאַלגען זיך

ווען דער מאַן זאָל פאָלגען זיין ווייב און זי איהם, וואָלטען אַרום גוטע פאָלגען...



## 201

### אַז מען פאַרלאָזט זיך אויף איוואַנען

אַ ישוב'ניק האָט אַמאָל פאַרגעסען דעם חשבון פון די טעג און ניט געוואוסט צי היינט איז דאָנערשטאג אָדער פרייטאַג, איז איהם איינגעפאַלען אַבבראַטען אַ לעבערעל און צו אַריינטראָגען צו זיין שכן איוואַן און זעהן אויב ער וועט דאָס עסען איז אַ סימן דאָס עס איז דאָנערשטאַג, וועט ער דאָס ניט עסען איז פרייטאַג.

דער פויער האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות. גלייך ווי ער האָט דערשמעקט דעם לעבערעל, האָט ער איהם איינגעשלונגען און זיך שטאַרק באַסמאַקעוועט מיט איהם. ביים ישוב'ניק איז קיין שום צווייפעל ניט געווען דאָס היינט איז דאָנערשטאַג.

ער האָט איינגעשפאַנט אַ פוהר, גענומען אַ קעלבעל און געפאָהרען אין שטאָדט קוילענען איהם לכבוד שבת.

אַז ער איז צוגעקומען צום שוחט, איז שוין געווען נאָך ליכט־בענשען. דער ישוב'ניק האָט מיט כעס אויסגערופען: „היינט געה ריכט זיך דאָס איוואַן, אַ בראָד צו זיין קאָפּ, וועט פרייטאַג עסען אַ לעבערעל!“



## 202

### אַ „מוסר־השכל“ פון אַ שוסטער

אין קאָוונא האָט געלעבט אַ שוסטער, וואָס פלעגט געהן איבער די הייזער און אויפנעהמען אַלטע שיך צו פאַריכטען.

איינמאָל איז ער פאַרבייגעגאַנגען ר' ישראל סאַלאַנטער'ס פענסטער, און געפרעגט: „רבי, איהר האָט גאַרניט צו פאַריכטען?“

ר' ישראל האָט זיך שנעל אַ הויב געטאָהן, האָט גענומען אַרומלויפען איבער'ן שטוב, און מיט טרעהרען אין די אויגען צו זיך גע־

זאָגט: דער שוסטער האָט דאָך מיר מיט זיין פראַגע, ארויפגעפיהרט אויפ'ן אמת. איך האָב דאָך גענוג צו פאַריכטען מיינע מעשים.



## 203

### ביזנעס איז ביזנעס

א באַוואוסטער גנב איז געשטאָרבען, און חברה גנבים האָבען אַראַנזשירט אַ געהויבענע לויה. ווי צו אַלע גרויסע לויות זיינען געקומען אַ סך מיט צדקה־פושקעס, און די גנבים האָבען זיך טאַקע געלאָזט דערקענען וואַרפענדיג אין יעדער פושקע היבשע מטבעות.

אויפ'ן בית הקברות האָבען זיי באַגעגענט אַ יונגע ווייבעל שטעהענדיג מיט אַ פולע פושקע פאַר עפּעס אַן אַנשטאַלט. איינער פון די גנבים האָט אין דער פושקע אַריינגעוואָרפען אַ גאָלדענעם פינף דאָלער שטיק, אָבער געהענדיג צוריק האָט ער פון דער ווייבעלס הענט אַרויסגערירסען די פושקע.

די ווייבעל איז איהם נאָכגעלאָפען און געפרעגט: איך פאַרשטעה אייך ניט, איהר האָט דאָך אַריינגעוואָרפען אַזאַ גרויסע נדבה, טאָ ווי כאַפּט איהר נאָכדעם אַוועק די גאַנצע פּושקע?

— צדקה איז צדקה, און ביזנעס איז ביזנעס! — האָט דער גנב געענטפערט.



## 204

### ער וויל זיך ניט מישען אין מחלוקת

מען האָט געפרעגט אַן אַפּיקורוס וואָרום ער לייגט ניט קיין תפילין? האָט ער געענטפערט: אין תפילין לייגען איז פאַראַן אַ מחלוקת צווישען רש"י און רבינו תם, און אַזוי ווי ער וויל זיך ניט אַריינמישען דעריבער לייגט ער גאָרניט קיין תפילין.



## 205

### אַמאָליגע און היינטיגע אפקורסים

אַמאָל איז אַן אפיקורוס געגאַנגען אָהן אַ היטעל אָבער מיט אַ קאַפּ, היינטיגע אַפּיקורסים געהען אָהן אַ היטעל און אָהן אַ קאַפּ.

206

## דער אונטערשיעד צווישען דאָקטוירים און מגידים

דער דאָקטאָר־מעדיציין היילט דעם קראַנקען קערפּערליך און דער מגיד איז דער דאָקטאָר וואָס היילט דעם גייסט, די נשמה. דער אונ־טערשיעד צווישען זיי איז: דער ערשטער אַז ער זאָגט אָפּ (דעם לעבען), ווערט אַ געוויין און אַז דער צווייטער זאָגט אָפּ (זיין דרשה), ווערט מען מלא שמחה.

207

## דער זין פון אסתר־תענית

אָנשטאָט אסתר־תענית רופען די דייטשען תענית־אסתר, דאָס איז ווייל אין יעדער תענית עסט ער...

208

## מצה צוזאַמען מיט מרור

אין די הויז וואו עס איז דאָ מצה (קריעג), דאָרט איז אויך דאָ מרור.

209

## זי איז שוין באַרוהיגט

אַ מאַן האָט זיין פרוי דערצעהלט דאָס ער האָט זיך אינשורט אויף פינף טויזענט דאָלער.

— לאַנג לעבען זאָלסטו מיין מאַן, — האָט די פרוי מיט פרייד אויסגעשריען — איצט וועל איך ניט דאַרפען יעדעס מאָל ציטערען טאָמער פּאַסירט זיך עפּעס מיט דיר.

210

## ער איז אַ גרעסערער צדיק פון רב

„איך גלויב“, האָט זיך אַ לץ אָנגערופען, „דאָס איך בין אַ גרעסערער צדיק פון אונזער רב, זאָל לעבען. אָט איז ער דעם גאַנצען יום־כפּור געזעסען אין שוהל, בשעת איך בין געשטאַנען אויף שפּילקעס“.

211

## המן׳ס תליה

ווארום איז געווען דער בוים, די תליה וואָס המן האָט אָנגעגרייט, פופציג איילען די הויך? די גמרא זאָגט: „אשר הכין לו — לו הכין", עס הייסט המן האָט די תליה אויפגעשטעלט פאַר מרדכי׳ן, אָבער אין דער אמת׳ן האָט ער דאָס אָנגעגרייט פאַר זיך זעלבסט, ווייל די חכמים זאָגען: „מרחיקין את הנבלה מן העיר חמשים אמה", אַ נבלה דאַרף מען פופציג איילען דערווייטערען פון שטאָדט און אַלע ווייסען דאָס אַ גרעסערע נבלה ווי המן איז ניט געווען, און דעריבער האָט ער אויסגעמאָרקירט דאָס די תליה זאָל זיין פופציג איילען די לענג.

212

## אַ משיח אויף אויסצולייזען פון די בעלי־עגלות

ר׳ אייזעלע חריף איז געפאָרען אין אַ שטאָדט. ווי דער שטייגער איז, האָט דער בעל־עגלה איהם שטאַרק דאקוטשעט. אַז ר׳ אייזעלע האָט שוין מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען, האָט ער זיך אָנגערופען צום בעל־עגלה: ווייסט איהר ווארום מען דאַרף האָבען צוויי משיחים? איינער זאָל אונז אויסלייזען פון גלות, און דער צווייטער פון די בעלי־עגלות.

213

## ער האָט שוין אויף פסח

ערב פסח האָט אַן אָרימאַן געזאָגט: גאָט זיי דאנק, איך בין שוין מיט דריי זאכען באזאָרגט אויף פסח: אַ פינגער פאַר די עשר מכות אַ זייט פאַר די היסב־בעט און אַ מויל צום עסען.

214

## ארבעה בנים

פיעל מיה קומט אָן ביז דער קינד פרעגט „מה נשתנה" אָבער גלייך ווי מען נעהמט זאָגען „ברוך המקום ברוך הוא, כנגד ארבעה בנים דברה תורה" וואַקסען אין איין מינוט אויס ארבעה בנים און פרעגען זייערע קשיות

215

## ווער עס האָט די אלפים

דער ערשטער אות פון אלף־בית און זיין צאָהל איז אלף (טויזענט). דער מענש וועלכער איז געבענשט מיט עטליכע אלפים (טויזענטער), ער איז דער ערשטער אין שורה.

216

## מען געפינט ניט וואָס מען זוכט

שאול האָט געזוכט אייזלען און געפונען נביאים, היינט זוכט מען נביאים און מען געפינט אייזלען...

217

## דו טאָרסט ניט, איך — מעג

א מלמד האָט איינמאָל געכאַפּט זיינעם א תלמיד גנב'ענען. פרעגט איהם דער רבי: סטייטש, אין דער תורה שטעהט דאָך „לא תגנוב", היינט ווי קומסטו צו טאָהן אזא עברה?

— דאָס האָט איהר רבי, טאַקע מיר געלערענט, — האָט דער תלמיד געענטפערט — „לא תגנוב", דו טאָרסט ניט גנב'ענען, אָבער איך — מעג. און אויב איהר, רבי, מעגט, מעג איך דאָך אודאי.

218

## זי שיקט די קראַנקהייט אין ירושלים

א אידענע איז צוגעגאַנגען צו רבי מאיר בעל הנס פּושקע און דאָרט אריינגעוואָרפען א צעהן סענט שטיק, און געזאָגט: רבונו של עולם, איך גיב די צעהן סענט א נדבה פון מיין טאָכטערס וועגען, זי זאָל געזונד ווערען פון איהר קראַנקהייט, און אזוי ווי די צעהן סענט געהען דאָך קיין ירושלים שיק שוין פאַר איין וועג אויך די קראַנקהייט אהין.

219

## אַז מען בענשט מוז מען באַצאָהלען

פון וואַנען איז געדרונגען דאָס אַז מען מאַכט מי שברך, מוז מען באַצאָהלען? מיר האָבען אויף דעם אַ רמז אין דער תורה. אין לך־לך שטעהט „והוא כהן לאל עליון ויברכהו" און דעריבער „ויתן לו מעשר מכל".

220

## די אָרימע־לייט זיינען ניט שולדיג

דער צדיק ר' נחומ'קע שמש פון גראָדנע פלעגט זיך נוהג זיין אריינכאַפּען זיך אין די הייזער וואו מען שפּיעלט קאָרטען, און בעטען אַ נדבה פאַר אָרימע לייט. איינמאָל האָט ער אָנגעטראָפען אויף אַ שלעכטען מענשען וועלכער האָט דעם צדיק דערלאַנגט אַ פּאַטש אין פּנים און געהייסען איהם פאַרלאָזען זיין הויז. ר' נחומ'קע האָט איהם געזאָגט: דעם פּאַטש קומט מיר טאַקע, אָבער וואָס זיינען די אָרימע־לייט שולדיג? זייטשע מוחל און גיט עפּעס פאַר זיי.

221

## לאָזט מיר כאָטש זעהן

אין אַ גאַס האָט אַ שוהל געברענט און אַ גרויסער עולם האָט זיך פאַרזאַמעלט צוקוקען צו דער שרפה. אין מיטען דערינען איז אָנגעלאָפען אַן אַלט אידענע, האָט זיך גענומען שפּאַרען און שטופּען, און מיט רחמנות זיך גענומען בעטען: אידען פאַרדיענט אַ מצוה און לאָזט מיר זעהן דעם פייער. איך האָב ניט געהאַט די זכיה צו זעהן דעם בית־המקדש ברענען, לאָזט מיר כאָטש זעהן ווי די שוהל ברענט.

222

## אַ חזן מוז האָבען אַ ווייב

על־פּי דין מוז אַ חזן האָבען אַ ווייב, דאָס איז ווייל עס שטעהט „לב נשבר ונדכה וכו' לא תבזה", אַז אַ צובראָכענע האַרץ איז מתפּלל

איז גאָט זיין תפלה ניט מבזה. מוז אַ חזן דעריבער האָבען אַ ווייב, כדי זיין הארץ זאָל זיין „נשבר ונדכה"...

## 223
## זיי האַלטען פון כבוד־אב

אַן אַלטער טאַטע האָט געוואוינט צוזאַמען מיט זיינע דריי אונ־פאַרהייראַטע זיהן. די קינדער האָבען דעם טאַטען זייער טהייער געהאַלטען און איהם צוגעטהיילט גרויס כבוד.

אין אַ מיטען ווינטערדיגע נאַכט האָט זיך דעם פאָטער פאַר־וואָלט אַ טרונק וואַסער. די וואַסער האָט זיך אָבער געפונען אויפ'ן הויף און די נאַכט איז געווען זעהר אַ קאַלטע, האָט זיך קיינעם פון די בנים ניט געגלוסט אַרויסצוגעהן פון דער ווארימער בעט האָבען איינער דעם צווייטען איבערגעגעבען דעם „כבוד" ברענגען דעם טאַטען אַ טרונק, ביז איינער פון זיי האָט פאַרגעשלאָגען דאָס מען זאָל די מצוה פאַרקויפען, און ווער עס וועט אריינשטייגען אין מעהר געלד דער וועט דעם טאַטען דערלאַנגען די וואַסער

די מצוה איז געבליבען ביים בכור וואָס האָט פאַר איהר באַצאָהלט גאַנצע דריי דאָלער ער האָט זיך אָבער אַנגערופען צום פאָטער: אַזוי ווי אַלע מאָל קויף איך שלישי און בין דיר מכבד, בין איך דיר אויך איצט מכבד מיט דער מצוה פון „כבוד אב", זיי אַזוי גוט און געה נעהמען אַ טרונק.

## 224
## די כוונה פון אפיקומן

דער אפיקומן לערנט אונז אַראָפּצונעהמען אַ מוסר אויף צו באַ־האַלטען אַ העלפט פון אונזער ברויט, דאָס לאָזען ליגען אונטערן קישען ביז צו די צייט ווען מען וועט דאַרפען ליגען אייביג.

## 225
## שווער צו קריגען אַן עהרליכען שותף

מען האָט אַ געוויסען רויבער געבראַכט אין קאָרט. ביים פאַר־הער רופט זיך אָפּ דער דזשאַדזש: ווי עס ווייזט אויס האָסטו אַליין די רויבעריי באַגאַנגען.

— געוויס אַליין ! — האָט ער געענטפערט — היינטיגע צייטען איז זעהר שוועהר צו קריגען אַן עהרליכען שותף.

## 226

## ער האָט דעם ביער פּסח׳דיג געמאַכט

אַ רב האָט געטראָפען אַ ישוב׳ניק טרינקען ביער אום פּסח. ער האָט איהם אויסגעזידעלט : ווייסטו דען ניט דאָס ביער איז חמץ און מען טאָר ניט טרינקען אום פּסח ?

— אָבער, — האָט דער ישוב׳ניק זיך פאַרענטפערט — איך האָב דאָך דאָס ביער אויסגעמישט מיט אַ פּסח׳דיגע לעפעל.

## 227

## איבערגעביסען מיט׳ן אפיקומן

אַן אַלטער איד וואָס איז קיינמאָל ניט קראַנק געווען, איז צו זיין איין־און־אַכציגסטען יאָהר געוואָרען ניט געזונט. אַז מען האָט איהם געפרעגט וואָס מיט איהם איז, האָט ער געענטפערט : גאָרניט. איך האָב זיך נאָר איבערגעגעסען מיט׳ן אפיקומן. איך דענק דאָס עסען אַכציג מאָל דעם אפיקומן איז איבערגענוג.

## 228

## זי וויל פּרובירען איהר מזל

אַ יונגע פרוי האָט זיך אָנגעזעצט אויף איהר מאַן ער זאָל אַרויסנעהמען אַן „אינשורענס פּאָליסי" און איהם ממש ניט געלאָזט לעבען. יעדעס מאָהל פלעגט זי איהם אויפוואַרפען דאָס ער איז אַ גרויסער עגאָאיסט, ער זאָרגט ניט פאַר איהר טאָמער וועט מיט איהם עפּעס פּאַסירען. דערביי האָט זי איהם אָנגעוויזען אויף איהרע חבר׳טעס וואָס זייערע מענער זיינען פאַראינשורט.

— אָבער, — האָט ער זיך געפּרובט אַרויסדרעהען — וואָס האָבען זיי פון דעם ? זיי צאָהלען און צאָהלען און האָבען גאָרניט פון דעם.

— ווער וויים ? — האָט זי געענטפערט — אפשר וועל איך האָבען מעהר מזל פון זיי.

229

## זי האָט אָפּגענאַרט ר׳ מאיר בעל הנס

אַ אידענע האָט אַמאָל פאַרלוירען עטליכע דאָלער האָט זי צו־געזאָגט אַ קוואָדער אויף מאיר בעל הנס, אויב זי וועט די געלד געפינען. אַז זי האָט געפונען, איז זי צוגעגאַנגען צו מאיר בעל הנס פושקע און געזאָגט: ר׳ מאיר איך האָב דאָס געזאָגט אין אַ שפּאַס.

230

## גמילות־חסדים מיט אַ שמעק טאַבאַק

אַן אָרימאַן האָט געוואָלט טאָהן גמילות־חסדים, אָבער אַזוי ווי ער האָט נעביך ניט געהאַט מיט וואָס איז איהם איינגעפאַלען צו קויפען אַ פושקע טאַבאַק און יעדער איינעם צוטראָגען און בעטען ביי איהם נעהמען אַ שמעק טאַבאַק.

איז געקומען דער גמילות־חסדים צו גאָט מיט אַ טענה: איך בין איינער פון די דריי זיילען אויף וואָס די וועלט שטעהט, היינט ווי ערלויבט זיך דער אָרימאַן מיט אַ שמעק טאַבאַק מיר אָפּ׳פּטר׳ן?

האָט דער רבונו של עולם איהם בארוהיגט און געזאָגט: אויסער גמילות־חסדים איז אויך דאָ אַזעלכע תורה און עבודה וואָס זיינען אפילו קיין שמעק טאַבאַק אויך ניט ווערט.

231

## מיט וואָס די נגידים קוויקען זיך

אַן אָרימאַן האָט אַמאָל אין אַ רייכע הויז געזעהן עסען טריפלעך דער מאכל האָט איהם זעהר פאַרשמעקט און ער איז גלייך אַוועק־געלאָפען אין דער היים, און געהייסען די ווייב שוין מאַכען טריפלעך. די ווייב האָט איהם געזאָגט דאָס מען מוז האָבען מעהל, אייער און מילך און זי האָט דאָס ניט. האָט ער איהר געענטפערט: נו, אַ דאגה עס איז, וועט זיין אָהן אייער און מילך, און מעהל וועט זי קענען אויסשקראַבען פון מולטער. די ווייב האָט ווי עס איז אויסגעשקראַבעט אַ ביסעל מעהל און איהם געמאַכט טריפלעך. פאַרשטעהט זיך דאָס טריפלעך אָהן מעהל, אָהן אייער און אָהן מילך איז ניט אַרויסגעקומען

אזוי געראָטען. אז דער אָרימאַן האָט זיך געזעצט עסען האָט ער אַ זאָג געטאָהן: דער שוואַרץ יאָהר ווייסט זיי די נגידים, מיט וואָסערע מאכלים זיי באַסמאַקעווען זיך דאָס.



## 232

## אַ קלוגער ענטפער פון אַ אידישען פילאָזאָף

דער בעריהמטער אידישער פילאָזאָף משה מענדעלזאָהן האָט געדיענט אַלס בוכהאַלטער ביי אַ פּראָסטען אויפגעקומענעם גביר. האָט מען אַמאָל געזאָגט מענדעלזאָנען, איז דען ניט אַ פאַרקערטע וועלט, דאָס איהר דאַרפט זיין דער בוכהאַלטער, און דער אויפגעקומענער גביר, דער בעל-הבית? האָט מענדעלזאָהן געענטפערט: אין דעם זעה איך דווקא די השגחת הבורא, וואָלט איך געווען דער בעל-הבית וואָלט איך דאָך דעם פּראָסטען מענשען ניט געקענט נעהמען פאַר אַ בוכהאַלטער אָבער ער מיר — יאָ.



## 233

## ער איז חושד דאָס די „חד־גדיא“ איז גע׳גנב׳עט

איינער פלעגט מורא האָבען צו זאָגען חד־גדיא. „עפּעס איז די מעשה ניט גלאַט. נאָך האַלבע נאַכט קויפט דער טאַטע אַ ציעג פאַר אזוי ביליג ווי צוויי גילדען, ווער ווייסט צי די ציג איז ניט אַ גע׳גנב׳טע און עס איז בעסער זיך צו האַלטען פון דער ווייטענס“.



## 234

## ער עסט ניט פאַר׳ן דאַווענען

אַ רב איז אַריין צו איינעם אין הויז און געפונען איהם זיצען און עסען, כאָטש ער איז איצט ערשט אויפגעשטאַנען.

— ווי עסט דאָס אַ איד פאַר׳ן דאַווענען? — האָט דער רב זיך געוואונדערט.

— חלילה! — האָט דער איד זיך פאַרענטפערט — איך דאַווען ניט.

235

## זי האָט אויך געשטעלט אַ ליכט

צוויי מיידלעך אַ אידישע און אַ קריסטליכע, זיינען געגאַנגען אין איין קלאַס אין גימנאַזיע. אַז עס איז געקומען צום עקזאַמען, איז די אידישע דורכגעגאַנגען און די קריסטליכע נים. האָט די קריסטליכע זיך אויסגערעדט די האַרץ פאַר די אידישע חבר'טע און געזאָגט: אפילו די ליכטעל וואָס איך האָב געשטעלט פאַר די הייליגע מאַריאַ האָט ניט געהאָלפען. האָט די אידישע איהר געענטפערט: אָבער די ליכטעל וואָס איך האָב געשטעלט, יעדע נאַכט אויפ'ן טיש און געלערענט, האָט יאָ געהאָלפען

236

## איהם מעג זי שעלטן אָבער ניט זיין ווייב

אַ אידענע האָט געהאַט אַ נאַטור צו שעלטען איהר מאַן מיט די ערגסטע קללות. דער מאַן איז שוין צו איהרע קללות אַזוי צוגעוועהנט געוואָרען דאָס עס פלעגט איהם ניט קימערען און פלעגט בשעת מעשה זיצען און לאַכען. זיין לאַכען פלעגט איהר אַלץ מעהר אַריינברענגען אין כעס און שילטען נאָך שטאַרקער. איין מאָל, בשעת ער איז געזעסען און געלאַכט פון איהרע קללות, איז זי אַזוי אויפגעבראַכט געוואָרען דאָס זי האָט זיך זעלבסט אָנגעהויבען צו שילטען. איהר מאַן האָט זיך אויפגעהויבען און אַראָפגעלאָזען איהר אַ פּאַטש, זאָגענדיג: כל־זמן דו שעלסט מיר שווייג איך אָבער שילטען מיין ווייב וויל איך ניט ליידען.

237

## וועט זיך לערנען שווימען

איינער האָט זיך געבאָדען אין טייך און איז שיער דערטרונקען געוואָרען. אַז מען האָט איהם אָפּגעראַטעוועט האָט ער געשוואָרען מעהר ניט אַריינגעהן אין וואַסער ביז ער וועט קענען גוט שווימען.

## 238

### ער ענטזאגט זיך ניט פון אַ שנאַפּס

איינער איז אַמאָל גאַנץ פריה אריין צו זיינעם אַ באַקאַנטען, האָט מען איהם געפרעגט: צי וויל ער ניט מאַכען אַ שנאַפּס? האָט ער געענטפערט: ערשטענס איז ביי איהם פאַר'ן דאַווענען, צווייטענס האָב איך שוין געמאַכט און דריטענס — ווייזט נאָר אהער וועל איך מאַכען.

═◘═

## 239

### די ריכטיגע ברכה

אַן אַלטער מאַן האָט חתונה געהאַט מיט אַ יונגער ווייב. אויף דער חתונה האָט אַ פריינד איהר געבענשט מיט דער ברכה „פרו ורבו" און צום אַלטען האָט ער געזאָגט: „ומלאו את הארץ".

═◘═

## 240

### אַז מען טשעפּעט איהם מעג ער שלאָגען

דער גרויסער גאון רבי ר' העשעלע, איז נאָך אַלס קליין קינד געווען באַריהמט מיט זיין שאַרפע קאָפּ און קלוגע ענטפערס אויף יעדער זאַך. איינמאָל האָט ער זיך צושלאָגען מיט אַ צווייטען אינגעל און איהם גוט אָנגעבראָכען דיביינער. אַז מען האָט דאָס דערצעהלט זיין טאַטען, האָט ער איהם אויסגע'מוסר'ט אויף דעם. דער קליינער העשעל האָט זיך פאַרענטפערט דאָס דער אינגעל האָט זיך געטשעפּעט צו איהם, האָט ער איהם געמוזט שלאָגען. פרעגט דער טאַטע: פאַר־וואָס טשעפּעט ער מיר ניט? „גוט, — האָט דער קליינער עלוי גע־ענטפערט — זאָל זיין ווי דו זאָגסט, דאָס איך האָב איהם געטשעפּעט, אָבער פאַרוואָס טשעפּע איך דיר ניט?"

═◘═

## 241

### מען באַדאַרף איהם בעטען געהן אין חדר

דער באַהעלפער אַז געקומען ר' העשלען רופען אין חדר. האָט ער איהם ווי דער שטייגער איז, געזאָגט: העשעל, קום אין חדר!

העשעל האָט זיך אָבער ניט גערירט, און אַז דער באַהעלפער האָט איהם נאָך אַמאָל גערופען האָט ער געזאָגט: ניט אַזוי הייסט מען מיר געהן אין חדר, איך האָב געהערט ווי מען איז מיין טאַטען גע־קומען בעטען אויף אַ ברית האָט מען איהם געזאָגט: דער און דער האָט געבעטען דאָס איהר זאָלט אַזוי גוט זיין און קומען צום ברית. זאָגט דער באַהעלפער: „גוט, דער רבי האָט געבעטען דאָס איהר זאָלט אַזוי גוט זיין און קומען אין חדר".

— געה שוין און זאָג דעם רבי'ן, עס איז גוט ווי געוועז, — האָט ער געענטפערט דעם באַהעלפער.

═◘═

242

## פאַר אַזאַ קשיא קומט אַ פּאַטש

אַז ר' העשעל האָט נאָך געלערענט אלף־בית, האָט אַ אינגעל געפרעגט דעם רבי'ן אַ קשיא: צו וואָס קומט אונטער'ן צירה־פּא אַ צירה, מען וויים דאָך שוין פון דעם צירה? האָט דער רבי געהייסען דעם אינגעל געבען ר' העשלען אַ פּאַטש, פאַר וואָס ער האָט די קשיא ניט געפרעגט. כאַפּט ר' העשעל און לאָזט אַראָפּ דעם אינגעל אַ פּאַטש, און זאָגט: מילא איך האָלט דאָס ניט פאַר אַ קשיא, אָבער ער וואָס מיינט אַז דאָס איז אַ הארבע קשיא, פאַרוואָס האָט ער ניט געפרעגט ביים צירה־הא?

═◘═

243

## ער האָט זיך דערמאָנט די סדרה

איינמאָל האָט אַ איד אָפּגעשטעלט ר' העשלען און געזאָגט: אויב דו ביזט יאָ אַזאַ וואוילער אינגעל, זאָג מיר וואָסער אַ סדרה עס געהט היינטיגע וואָך?

ר' העשלען האָט פאַרדראָסען וואָס מען פרעגט איהם אַזאַ פראַגע, האָט ער זיך אָנגערופען: איך האָב געהאַט פאַרגעסען די סדרה, נאָר דערזעהענדיג אייך האָב איך זיך דערמאָנט דאָס היינטיגע וואָך געהט קרח.

═◘═

244

## אויף שטיפען איז אויך אַ צייט

אַז ר׳ העשעל איז אַלט געווען צעהן יאָהר, האָט ער אין דער גרויסער שוהל געהאַלטען אַ דרשה, דאָס די גרעסטע לומדים זיינען אויסער זיך געווען צו הערען פון אַ קינד אַזאַ דרשה. נאָך דער דרשה איז ר׳ העשעל ארויס אויפ׳ן שוהל־הויף און גענומען שפּיעלען אין פערדלעך מיט אַ צווייטען אינגעל. האָט איהם איינער געזאָגט: ווי פּאַסט דאָס נאָך אַזאַ דרשה צו פאַרנעהמען זיך מיט אַזאַ נארישקייט ווי שפּיעלען אין פערדלעך? האָט ר׳ העשעל איהם געענטפערט: יעדער זאַך אויף דער וועלט מוז רוהען. אַז מען געהט צופיעל, מוז מען אויסרוהען די פיס. איך האָב איצט צופיעל געאַרבייט מיט׳ן שכל, איז אַ יושר דאָס איך זאָל דעם שכל לאָזען רוהען און שפּיעלען זיך מיט נארישקייטען.

245

## אַ שייגעץ ווערט אַ פויער

איינער האָט ר׳ העשלען אַמאָל אָנגערופען שייגעץ, האָט ער איהם געענטפערט: איידער איהר זענט געוואָרען אַ גרויסער פויער, זייט איהר דאָך פריהער געווען אַ שייגעץ.

246

## אָהן אַ דגש איז ווייַן

ר׳ העשעל האָט געהאַט אַ קליין שוועסטערעל שרה׳לע, מיט וועלכע ער פלעגט זיך אָפט קריעגען. איינמאָל האָט דער טאַטע געהאַלטען אַ שעהנעם ביין, און די קינדער האָבען שטאַרק חשק געהאַט צו איהם. רופט זיך אָפּ דער טאַטע, ווער עס וועט זאָגען אַ גוטען וויץ באַקומט דעם ביין. האָט זיך שרה׳לע אָנגערופען: „והנה לשרה בן", און דער טאַטע האָט איהר די צאַצקע אָוועקגעגעבען. כאַפּט ר׳ העשעל פון איהר ארויס דעם ביין און גיט איהר נאָך אַ פּאַטש, אַז זי איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ געוויין. פרעגט איהם דער טאַטע: פאַרוואָס ער האָט דאָס געטאָהן? האָט ער געענטפערט: אין חומש שטעהן „בן" אָהן אַ דגש אין בית, מאַכט דאָס ווייַן. נו, זאָל שרה׳לע וויינען.

247

## ער באַצאָהלט מדה כנגד מדה

אַ מאָל האָט דער פּאָטער ר׳ העשלען געגעבען אַ פלאַש און גע־הייסען איהם ברענגען ביער. האָט איהם ר׳ העשעל געבעטען געלד, זאָגט דער פּאָטער: אַ קונץ איז צו ברענגען מיט געלד, באַווייז דאָס דו קענסט ברענגען אָהן געלד! איז ר׳ העשעל אַוועק און געקומען צוריק מיט אַ ליידיגע פלאַש, זאָגענדיג צום פּאָטער: נו, טרינק פון אַ ליידיגע פלאַש.

248

## פון „מה טובו“ און „עלינו“ ווערט אַ גאַנצער דאַווענען

ר׳ העשעל האָט אַמאָל געבעטען אַ הערינג, גיט איהם דער טאַטע אַ קאָפּ מיט אַן עק און זאָגט: אָט האָסטו אַ גאַנצען הערינג. ר׳ העשעל האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר אויף מאָרגען איז ער אַוועק אין בית־המדרש, האָט זיך געזאַמט אַ ווײַלע און צוריקגעקומען אין שטוב. פרעגט איהם דער טאַטע: אַזוי גיך שוין אָפּגעדאַווענט? האָט איהם ר׳ העשעל געענטפערט: אויב אַ קאָפּ מיט אַן עק איז אַ גאַנצער הערינג, ווערט פון „מה טובו“ און „עלינו“ אַ גאַנצער דאַווענען.

249

## זיינע מעלות זיינען אַ חסרון

אַ שווער האָט זיך אַמאָל פאַרקלאָגט אויף זיין אײַדים, דאָס ער קען ניט שפּיעלען אין קאָרטען און קען ניט טרינקען קיין בראַנפען.

האָט מען איהם געזאָגט: אדרבה, אַזאַ אײַדעם איז דאָך מיט הוילע מעלות.

האָט ער אַ קרעכץ געטאָהן: די צרה איז וואָס די מעלות זיינען ביי איהם אַ חסרון. ער קען ניט שפּיעלען אין קאָרטען און שפּיעלט, ער קען ניט טרינקען קיין בראַנפען או טרינקט.

250

## דער זעלבער יחוס

אַ פּאַטער האָט זיך אַמאָל געאַמפּערט מיט זיין זוהן. זאָגט דער פּאַטער: ביזטו דאָס קליגער פון מיר, וואָס דו ווילסט מיר ניט נאָכגעבען? ענטפערט דער זוהן: קלוגער פון דיר בין איך ניט, אָבער דו אַליין ווע‎סט צוגעבען, דאָס דו ביזט מיט אַ דור נעהנטער צו תרח'ן ווי איך.

— אָבער דערפאַר ביזטו דאָך מיט אַ דור ווייטער פון אברהמ'ען, — האָט דער פּאַטער איהם צוריק אַ שטאָך געטאָהן.

251

## ער איז אַ בילכערער יורש

אַן אָרימאַן איז געקומען צו אַ גביר בעטען אַ נדבה אויף הכנסת כלה פאַר זיין טאָכטער. דער גביר איז געווען אַ גרויסער נדבן און ער האָט איהם געגעבען פופציג רובעל. איבער אַ יאָהר איז דער אָרימאַן וויעדער געקומען בעטען אויף הכנסת כלה. רופט זיך אָפּ דער גביר: איך האָב דאָך געהערט דאָס אייער מיידעל איז געשטאָרבען, וואָסזשע קומט איהר בעטען נדבות איהר חתונה צו מאַכען?

— עס איז אמת, — האָט דער אָרימאַן געענטפערט — דאָס זי איז געשטאָרבען, אָבער איך בין דאָך נעהנטער צו איהר און בין אַ בילי‍כערער יורש ווי איהר!

252

## אַ צוואַנציג יעהריגער „בר־מצוה" בחור

אַ ישוב'ניק האָט איינגעלאַדען מענשען צו זיין קינדס בר־מצוה. אַז דער עולם איז זיך צוזאַמענגעקומען האָבען זיי געזעהן אַ צוואַנציג יעהריגען בחור זיצען און לערנענדיג זיך לייענען מפטיר.

— אָט דאָס הייסט ביי אייך אַ בר־מצוה אינגעל? — האָט מען איהם געפרעגט.

— ער איז שוין לאַנג בר־מצוה געוואָרען, — האָט דער ישוב'ניק געענטפערט — אָבער ער האָט זיך איצט ערשט אויסגעלערענט זאָגען מפטיר.

253

## ער שלאָפט שעהנער פון גביר

אַ ישיבה־בחור האָט זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט׳ן גביר פון שטאָדט. האָט דער גביר צו איהם געזאָגט: שלעפער וואָס דו ביזט, ווי שטעלסטו זיך איין מיט מיר צו פאַרטשעפּען? ענטפערט איהם דער בחור: זאָגט מיר נאָר ווי פיעל עס קאָסט אייך די בעט וואָס איהר שלאָפט, וועל איך אייך ווייזען דאָס מיין בעט איז פיעל טהייערער ווי אייערע. דער גביר האָט זיך צולאַכט: שוטה איינער! די בעט קאָסט מיר פיער הונדערט רובעל, אַ פאַרמעגען וואָס דו האָסט קיינמאָל אפילו אין הלום ניט געזעהן. האָט דער בחור איהם מיט נצחון געענטפערט: אַז מיר ווילט זיך שלאָפען, פאַרגין איך זיך אויסציהען אויף גאַנצע פיער „שטעדט" אין שוהל, און איהר אַליין ווייסט דאָס יעדע שטאָדט קאָסט צוויי הונדערט און פופציג רובעל.

254

## ענגליש שטאַמט פון לשון־קודש

אַ גרינער האָט זיך אָנגערופען צו זיין געלען קאַזין: איך וועל דיר ווייזען שוואַרץ אויף וויים, דאָס ענגליש שטאַמט פון לשון־קודש. אַט רופט מען אַ מיידעל אין ענגליש גוירל, און אין פסוק שטעהט „על הנערה יטו גורל", איז דאָך אַ באַווייז אַז עס איז גענומען פון לשון־קודש.

255

## אַ שבח וואָס ער האָט זיך ניט גע׳שמד׳ט

אַן אַפּטהעקער וואָס האָט געוואוינט מיט אַ קריסטליכע פרוי און אָפּגעטאָהן כל עברות שבעולם, איז געשטאָרבען און זיין פאַמיליע האָט געפאָדערט פון רב איהם מספיד צו זיין.

דער רב האָט זיך ניט געקענט אויסדרעהען, האָט ער גענומען זוכען עפּעס אַ שבח אויפ׳ן נפטר. און האָט דעם הספד אָנגעהויבען:

רבותי! זייט וויסען דאָס דער מאַן וואָס ליגט איצט פאַר אייך איז ווערט מען זאָל איהם מספיד זיין. איך און איהר אַלע, זיינען

פרומע עהרליכע אידען און עס איז קיין וואונדער ניט. מיר האָבען גאָט צו דאַנקען מיט קיין קריסטען ניט צו טאָהן, איז קיין גרויסקייט ניט וואָס מיר האָבען זיך ניט געִ'שמד'ט. דער נפטר אָבער, ווי איהר ווייסט, האָט מיט קיין אידען ניט געהאַט וואָס צו טאָהן, האָט זיך שטענדיג געפונען צווישען קריסטען און פון זייערע מעשים זיך אָפּגעלערענט, האָט געהאַט אַ קריסטליכע ווייב און זיך געפיהרט ווי אַ קריסט, און דאָך האָט ער זיך ניט געִ'שמד'ט און איז ביז'ן טויט פאַרבליבען אַ איד, איז ער ניט ווערט מיר זאָלען איהם מספיד זיין?



256

## ער פאַרקויפט אַ מציאה

אַ שיף האָט געהאַלטען אין זינקען און אַלע רייזענדע זיינען ארומגעלאָפען ווי משוגע און געזוכט צו ראַטעווען זיך. אין מיטען דרינען כאַפּט איין איד אַן דעם צווייטען און זאָגט איהם: איהר זעהט דעם זייגערל? ער האָט מיר געקאָסט גאַנצע פערציג רובעל, נאָר אַזוי ווי די שיף געהט אונטער, גיב איך איהם אַוועק פאַר פינף־און־צוואַנציג רובעל. קויפט, ניט אַלע מאָל קען מען איינהאַנדלען אַזאַ מציאה.



257

## אַ רעטעניש פאַר פרויען

אַ מאַן איז געזעסען אין אַ געזעלשאַפט פון דאַמען, און זיי געפרעגט: וועלכען חודש אין יאָהר רעדען פרויען וויניגער ווי אַלע מאָל? קיין איינע פון זיי האָט ניט געוואוסט צו ענטפערען, האָט ער זיי געזאָגט: דאָס איז דער חודש פעברואַר, ווייל ער האָט ניט מעהר ווי אַכט און צוואַנציג טעג.



258

## רייך ווי קרח

איינער האָט אַמאָל געפרעגט: די וועלט זאָגט אַ ווערטעל: רייך ווי קרח, פון וואַנען ווייסען מיר דאָס קרח איז געווען רייך?

האָט מען איהם געענטפערט: אַלע געשעפטען ליעגען דאָך אין דער ערד, און אזוי ווי קרח איז דאָך איינגעזונקען געוואָרען לעבעדיגער־הייט, האָט ער פון די אַלע געשעפטען זיך געווים ערוואָרבען אַ גרויסען קאַפּיטאַל.



259

## תחית המתים

אַ לענדלאָרד האָט אין זיין הויז ניט געוואָלט אריינלאָזען פאַמיליעס מיט קינדער. פאָרדינגענדיג איינמאָל אַן אַפּאַרטמענט, האָט ער זיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, נאָכגעפרעגט וויפיעל קינדער די פאַמיליע האָט.

— זעקס, — האָט דער פאָטער געענטפערט — אָבער זיי זיינען איצט אויף דער סעמעטערי.

— עס איז אייך זעהר צו באַדויערען, — האָט דער לענדלאָרד געזאָגט — אָבער איך בין צופריעדען אייך צו האָבען פאר אַ טענאַנט. אַט האָט איהר דעם „ליעס" און שרייבט זייט מוחל אונטער.

גלייך ווי דער ליעס איז אונטערגעשריעבען געוואָרען, זיינען אַלע זעקס קינדערלעך געקומען צולויפען פון דער סעמעטערי וואו זיי האָבען זיך געשפּיעלט.



260

## אַ יקרות אויף ראָטשילדס

איינער פון די ראָטשילדס האָט אַמאָל פאַרבראַכט אין אַ קאַנטרי און איז איינגעשטאַנען אין דער קליינער דאָרפישער אכסניא. ווען דער בעל־הבית האָט איהם דערלאַנגט דעם ביל איז ער זעהר ערשטוינט געווען צו זעהן אזא גרויסען רעכענונג.

— וואָס! — האָט ראָטשילד זיך געוואונדערט — פיער פראַנק פאר איין איי? אזא יקרות איז ביי אייך אויף אייער?

— ניט אויף אייער, — האָט דער בעל־הבית געענטפערט — נאָר אויף ראָטשילדס איז ביי אונז אַ יקרות.

161

## אַ גהעריגער ענטפער

אַ האַלב געבאַקענער אַפּיקורוס האָט זיך אָנגערופען צו אַ פרומען אידען: דער גאַנצער חומש איז אַ בלאָף. אָט אַ שטייגער די מעשה פון בלעם'ן מיט זיין אייזעל, ווי איז מעגליך דאָס אַן אייזעל זאָל רעדען אַזוי ווי אַ מענש?

— אָט ביזטו אַ מענש, — האָט דער איד איהם געענטפערט — און רעדסט ווי אַן אייזעל!

262

## שוין איינמאָל אַ חזן

טריינע איז געקומען פון שוהל וואו עס האָט געדאַווענט אַ נייער חזן, און מיט התפעלות האָט זי אויסגעשאַטען: אי, וויבער, איז דאָס אַ חזן! זיין געזיכט איז בלוט און מילך, האָט ער אַ שוואַרצע באָרד, איז זי ממש מחיה נפשות, זיין טלית'ל איז קלאָהר ווי אַלבאַסטאַר. אַז ער האָט צו שמע ישראל אַ פּאַטש געטאָהן דעם זינגער, האָט די גאַנצע שוהל אַ הילך געטאָהן פון קלונג.

— אָבער ווי האָט ער געדאַווענט?

— זאָל איך אַזוי וויסען פון זיין קאָפּ צו זאָגען וואָס פאַר אַ דאַווענען עס איז געווען, איך האָב דאָך אַ וואָרט ניט געהערט.

263

## אַזאַ בלינדער איז ער

אַ בלינדער בעטלער איז געשטאַנען און מיט אַ וויינענדיגע שטימע געזונגען: העלפט, העלפט אַן אָרימען בלינדען!

אַ יונגע דאַמע איז פאַרבייגעגאַנגען און מיט רחמנות אַ זאָג געטאָהן: נעביך, אַ בלינדער! נאָט אייך אַ ניקעל.

— גלייך ווי איך האָב אייך דערזעהן, — האָט דער בלינדער זיך אָבגערופען — האָב איך פאַרשטאַנען דאָס איהר זייט אַ גוט־הערציגע.

264

## אַ תנאי פון אַ חעלמער חזן

דער חעלמער חזן האָט חתונה געמאַכט אַ טאָכטער, האָט איהם די קהלה אויסגעבאָרגט עטליכע הונדערט רובעל אָפּצורעכענען איהם דורך עטליכע יאָהר פון זיינע שכירות.

האָט דער חזן מיט די גבאים אויסגענומען אַזאַ תנאי: װעל איך די עטליכע יאָהר לעבען, װעט דאָס זיין אייער גליק, אָבער טאָמער שטאַרב איך פריהער, זאָל מען איהם פון די שכירות ניט אָפּרעכענען.

265

## אַ צער בעלי־חיים

אַ בעל־הבית'טע האָט איהר מאַן'ס לערן־אינגעל געגעבען צום װאַרמעס אַ קליין שטיקעל פלייש. דערזעהענדיג אַזאַ פּיצעל פלייש, האָט דער אינגעל אַ זיפץ געטאָהן: „אָט צוליעב אַזאַ פּיצעל פלייש האָט מען נעבעך באַדאַרפט אַ גאַנצען אָקס קוילענען?"

266

## װען מען טרינקט שנאַפּס

איינער האָט געװאָלט װיסען דעם טעם װאָרום מען טרינקט שנאַפּס נאָכ'ן דאַװענען און נאָך פיש עסען.

האָט מען איהם געזאָגט: װייל סיי דעם דאַװענען און סיי די פיש כאַפּט מען.

267

## ער געהט אין גאָט'ס דרכים

אַ געװיסער מגיד איז געװען שטאַרק פאַרקאָכט אין געלד. ער פלעגט אָהן באַצאָהלט, אפילו בלויז עטליכע מינוט ניט געװאָלט רעדען פאַר'ן עולם.

האָט מען איהם געפרעגט: אזא פרומער איד ווי איהר, זאָל אָהן געלד ניט וועלען מוסר'ן און שטראָפען דעם עולם?

— איך געה אין גאָט'ס וועגען, — האָט ער געענטפערט — אזוי ווי גאָט שטראָפט ניט אומזיסט, וויל איך אויך ניט שטראָפען אומזיסט.



## 268

## ער איז דער פּאַסיגער שליח־צבור

אין ר' חיים וואָלאָזשינער'ס צייטען איז אין אַ זומער ניט גע־גאַנגען קיין רעגען. מען האָט אויסגערופען אַ תענית, און מען איז זיך צוזאַמענגעקומען אין שוהל צו זאָגען תהלים און בעטען גאָט אויף אַ רעגען. צו מנחה, בשעת מען זאָגט דעם יהי רצון אויף אַ רעגען, איז אין שוהל אריין אַ בעל־עברה'ניק וואָס האָט יענעם טאָג געהאָט יאָהר־צייט, און איז צוגעגאַנגען צום עמוד און זיך געוואָלט שטעלען דאַווענען. דער עולם האָט איהם געוואָלט אָוועקטרייבען, אָבער ר' חיים וואָלאָזשענער האָט אַ וואונק געטאָהן דאָס מען זאָל איהם יאָ לאָזען דאַווענען. נאָכ'ן דאַווענען האָט מען ר' חיים'ן גע־פרעגט: ווי קומט דאָס, וואָס ער האָט אַזאַ בעל־עברה'ניק ערלויבט צו דאַווענען? האָט ער מיט אַ שמייכעל געענטפערט: אזעלכע ווי ער האָבען דעם מבול געבראַכט אויף דער וועלט, אויב ניט אַ מבול וועט ער כאָטש ברענגען אַ רעגען.



## 269

## פרויען זיינען מחויב צו רויכערן

די היינטיגע פרויען האָבען זיך זעהר שטרק גענומען צום רויכערען. וואו מען געהט און וואו מען שטעהט זעהט מען ווייבלעך און יונגע מיידלעך מיט סיגאַרעטלעך אין מויל און פּיפּקען.

האָט איינער אויפגעוויזען מיט אַ פּשט'על, על־פּי דין זיינען פרויען מחויב צו רויכערען. עס איז דאָך אַ כלל דאָס אַלע מצות וואָס די צייט ברענגט מיט, ווי סוכה, לולב, אתרוג, שופר, ציצית און תפילין, זיינען ווייבער פּטור. אָבער אזעלכע מצות וואָס האָבען ניט צו טאָהן מיט דער צייט, זיינען פרויען מחויב פּונקט ווי מענער.

אַ מאָל האָבען מענער געווען אין דער וואָכען, זיינען פרויען פטור געווען פון דעם. היינט אָבער, אַז מען רויכערט שוין אויך אום שבת, איז דאָך דאָס שוין אַ מצוה וואָס לא הזמן גרמא, זיינען די פרויען פונקט ווי די מענער מחויב צו רויכערען.



## 270

### יעדער איינער הייסט היינט אַ קענער

איינער האָט געפרעגט זיינעם אַ פריינד: ווי קומט דאָס וואָס יעדער איינער וואָס קען נאָר אָנשרייבען נח מיט זיעבען גרייזען, הייסט אַ קענער און אַזאַ גאון ווי ר' חיים'קע בריסקער וואָס איז געווען קלאָהר אין גאַנץ בבלי און ירושלמי, האָט מען איהם ניט גערופען קענער?

— וואָס פאַרשטעהסט איהר ניט? — האָט איהם דער פריינד גע-ענטפערט — ר' חיים'קע האָט געלערענט תורה און אַלעס מקיים געווען, איז דעריבער וואָס ער האָט געוואָלט טהאָן האָט ער ניט געקענט. ער האָט ניט געקענט ווייל די תורה האָט איהם ניט ערלויבט, אָבער אַ היינטיגער חברה מאַן, ווי ער קען נאָר אַביסעל שרייבען אָדער לייענען, איז פאַר איהם קיין שום זאַך ניטאָ וואָס ער זאָל ניט קענען. ער קען אַלעס טהאָן און דעריבער הייסט ער אַ קענער.



## 271

### ער וואַקסט אַ מלאך

אַ פאָטער האָט געפרעגט זיין קינד'ס רבי, ווי אַזוי זיין קינד געהט אין לערנען?

— ער וואַקסט אַ מלאך, — האָט דער רבי געענטפערט.

—וואָס מיינט איהר? — האָט דער פאָטער זיך געוואונדערט.

— די גמרא זאָגט, — האָט דער רבי איהם דערקלעהרט — לא נתנה תורה למלאכי השרת, מלאכים דאַרפען ניט און קענען ניט לערנען, און מיט זיין קענען לערנען איז אייער קינד געגליכען צו די מלאכים.

272

## צווישען א לומפּ און א אידיאָט

א אידישער כלל־טהוער וואָס איז באַקאַנט אַלס גרויסער וויצלינג, איז געזעסען אויף א באַנק אין א פּאַרק. רעכטס און לינקס צו איהם זיינען געזעסען צוויי מענשען, וואָס ווייזט אויס האָבען איהם ניט געליעבט, און געפיהרט א געשפּרעך איבער איהם.

— איך גלויב, — האָט געזאָגט דער מאַן וואָס איז געזעסען רעכטס — דאָס דער כלל־טהוער איז א גרויסער לומפּ.

— און איך דענק, — האָט דער וואָס איז געזעסען צו לינקס זיך אָנגערופען — אז ער איז א פּשוט'ער אידיאָט.

— און איך דענק, — האָט זיך דער כלל־טהוער אריינגעמישט — דאָס ער זיצט צווישען א לומפּ און א אידיאָט.

273

## א קלוגער איינפאַל

— צו וועמען שרייבט איהר דאָס דעם בריעף? — האָט א מיסעס זיך אָנגערופען צו איהר באָרדער.

— צו זיך אַליין.

— וואָס זייט איהר משוגע געוואָרען?

— בין גאָט זיי דאַנק ניט משוגע, אָבער אַזוי ווי איהר שלאָפט שפּעט און אייער מאַן געהט אוועק זעהר פריה און איך האָב ניט ווער עס זאָל מיר אויפוועקען פון שלאָף, וועט דער בריעף־טרעגער דאָס טהאָן.

274

## ער איז א היגער

אַז אַרימאַן איז אריין בעטען א נדבה ביי א קאַרגען גביר.

האָט איהם דער גביר אויסגעשטרעקט א האַנד, געגעבען איהם „שלום עליכם“ און געפרעגט: פון וואַנען קומט א איד?

— וואָס הייסט? — האָט דער אָרימאַן זיך געוואונדערט — איך בין דאָך א היגער!

— אויב איהר זייט אַ היגער, — האָט דער גביר געזאָגט — באַדאַרפט איהר דאָך וויסען דאָס ביי מיר קריגט מען ניט קיין נדבות.



275

## טמאים לאָזען זיך ניט מעלקען

אַ בעל־עברה'ניק האָט ביי אַ רב געוואָלט אַרויסבאַקומען אַ היתר אויף קריסטליכע מילך. דער איסר טאָמער וועט דער גוי מעלקען פון אַ בהמה טמאה, איז דאָ אין אַמעריקא ניט חל, ווייל די פאַרמערס מעלקען נאָר פון כשר'ע קיה.

דער רב האָט איהם געענטפערט אַז דאָס איז אַ דין אין שלחן ערוך, און דער שלחן ערוך איז אומעטום דער זעלבער.

דאָ האָט דער בעל־עברה'ניק גענומען אָנפאַלען אויפ'ן שלחן ערוך:

— מענשען דאַרפען נאָר אָפּהיטען די מצות פון „בין אדם לחברו", — האָט ער גע'טענה'ט.

— נו, און „בין אדם לחברו" זייט איהר עפּעס נזהר? — האָט איהם דער רב געפרעגט.

— געוויס! — האָט ער געענטפערט.

— אויב אַזוי, — האָט דער רב געזאָגט — וועל איך אייך עפּעס דערצעהלען. איך בין היינט געגאַנגען צונויפמאַכען פאַר אַן אָרימע אַלמנה מיט אַכט קינדער, און אומעטום האָט מען מיר מעהר ווי אַ קוואָדער ניט געוואָלט געבען. אויף מיין פראַגע: „וואָרום גיט מען אַזוי ווייניג?" האָט מען מיר געענטפערט: דאָס זיי האַלטען פון דעם „בין אדם למקום" און צו מענשען וועלען זיי יוצא זיין מיט אַ קוואָדער. אָבער איהר וואָס האַלט פון „בין אדם לחברו", גיט מיר אַ האַלבען דאָלער.

— איך וועל אפילו אַ קוואָדער אויך ניט געבען, — האָט דער בעל עברה זיך אָבגערופען — אַ ניקעל איז גאַנץ גענוג אויף צדקה.

— אויב אַזוי, — האָט דער רב פאַרענדיגט — מעגט איהר נוצען קריסטליכע מילך, דער חשש טאָמער האָט דער פאַרמער געמאָלקען פון אַ ניט כשר'ע בהמה איז דאָ ניטאָ, ווייל טמאים לאָזען זיך ניט מעלקען.

## 276

## „מרבה נכסים, מרבה דאגה"

איינער האָט זיך באַקלאָגט פאַר אַ רב: ער איז נאָך יונג, איצט זעקס און דרייסיג יאָהר אַלט און איז שוין גרוי, בשעת זיין טאַטע, אַ איד אַ זקן, איז קרעפּטיגער און זעהט אויס אינגער פון איהם.

— זאָגט מיר נאָר, — האָט דער רב איהם געפרעגט — וויפיעל פּראָפּערטיעס פאַרמאָגט איהר?

— פיער!

— און וויפיעל האָט אייער פאָטער, זאָל לעבען?

— מיין פאָטער פאַרמאָגט נאָר אַ קליינע הייזקע מיט אַ גאָרטען. איהר קענט רבי פאַרשטעהן וויפיעל די גאַנצע פּראָפּערטיע באַטרעפט, דאָס מען האָט איהם פאַר איהר מעהר ווי הונדערט און צוואַנציג רובעל ניט געוואָלט געבען. אָבער איך פאַרשטעה ניט וואָס האָט דאָס צו טאָהן מיט מיין אַלטקייט?

— עס האָט שוין יאָ אַ שייכות! — האָט דער רב געזאָגט — נאָר זייט מוחל, זאָגט מיר איז אייער טאַטע עפּעס שולדיג אויף זיין הייזעל?

— ניין!

— און איהר?

— אָה! — האָט ער אַ זיפץ געטאָהן — איהר ווייסט גאָר ניט רבי, וויפיעל איך בין פאַרשולדיגט. די חובות מוטשען און מוטשען מיר און דרעהען מיר דעם קאָפּ אָראָפּ.

— אָט האָט איהר אַליין אייער פראַגע פאַרענטפערט, — האָט דער רב געזאָגט — אייער פאָטער פאַרמאָגט נאָר איין הייזקע שטעהט זי דעריבער אויף דער ערד, בשעת איהר מוזט אייערע פיער פּראָ־פּערטיעס טראָגען אויפ'ן קאָפּ, איז ניט אַ וואונדער אַז מען ווערט אַלט פאַר דער צייט?



## 277

## דער פינפטער טהייל שלחן ערוך

איך האָב אַמאָל געפרעגט אַ רב: וויפיעל חלקים שלחן ערוך איז פאַראַנען?

— וואָס הייסט? פּיער! — האָט דער רב מיר מיט אַ וואונדער געענטפערט.

— ניין, עס איז דאָ נאָך אַ פינפטער חלק וואָס הייסט „לעולם יהא אדם", שטענדיג זיין אַ מענש.



278

## דער צונג איז געבליבען ביי איהם

אַ מגיד האָט אַמאָל אָנגעקלעפּט אַ צעטעל דאָס ער וועט דעם און דעם טאָג האַלטען אַ דרשה אין שוהל. איז געקומען אַ בעל־הבית און האָט דעם צעטעל אַרונטערגעריסען. אַז דער מגיד האָט זיך פון דעם דערוואוסט, האָט ער זיך אָנגערופען: אַ מאָל האָב איך געשיקט אַ גוי אין יאַטקע ברענגען מיר אַ צונג, האָט דער קצב געשיקט דעם צונג פּאַרפּאַקט און פאַרזיגעלט, ווי דער דין איז. אַז איך האָב זיך געוואַשען צום עסען איז דערווייל אָנגעקומען אַ הונט און אַראָפּ־געריסען דעם צעטעל, אָבער איך האָב דעם צונג געראַטעוועט און איהם גענעסען, ווייל וואָס אַרט מיר וואָס אַ כלב האָט דעם צעטעל אַראָפּ־געריסען, אַבי דער צונג איז געבליבען ביי מיר.



279

## דער ווילנער גאון אַלס בעל עגלה

דער ווילנער גאון האָט אָפּגעריכט גלות, און איז פון שטאָדט צו שטאָדט אַרומגעגאַנגען צו פוס פאַרקליידט אַלס אָרימאַן, כדי מען זאָל איהם ניט דערקענען. געהענדיג אַזוי אין אַ הייסען זומער־טאָג, האָט איהם אויפ'ן וועג באַגעגענט אַ בעל־עגלה און געבעטען איהם אַרויפ־געהן אויפ'ן וואָגען. אַז דער גאון האָט זיך אַנידער געזעצט, רופט זיך אָן דער בעל עגלה: זייט זשע מוחל ר' איד, נעהמט די לייצעס און טרייבט אונטער אַביסעל די פערד. דער גאון האָט אַזוי געטאָהן, האָט גענומען דעם בייטש אין די הענד און געפיהרט דעם וואָגען. דער בעל־עגלה האָט זיך דערווייל אויסגעצויגען און איינגעשלאָפען.

אַז דער וואָגען האָט זיך אָפּגעשטעלט אין שטאָדט, האָט איינער דערקענט דעם גאון. ער איז גלייך אוועקגעלאָפען אין שוהל און אויס־

געשריען: אידען, משיח, איז געקומען! איך האָב איצט געזעהן דעם ווילנער גאון פיהרען אַ וואָגען, ניט אַנדערש דאָס משיח פאָהרט מיט איהם. די גאַנצע שטאָדט איז גלייך אַרויסגעלאָפען און גענומען בעטען דעם גאון ער זאָל זיי ווייזען משיח'ן. פון די קולות האָט דער בעל־עגלה זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף און געזאָגט: וועמען זוכט איהר אידען? איך האָב אין שטאָדט געבראַכט בולבעס מיט אוגערקעס.



## 280
## דער חזן איז אויך אַ מענש

אַ איד האָט אַמאָל געפרעגט אַ רב: אויב מיט די געלד וואָס מען גיט דעם חזן פאַר מאַכען אַ „מלא רחמים", איז מען יוצא און מען באַדאַרף ניט געבען צדקה אויף דאָס ניי.

— געוויס איז מען יוצא! — האָט דער רב איהם געענטפערט — צדקה גיט מען ניט צו מלאכים נאָר צו מענשען, און דער חזן איז אויך אַ מענש.



## 281
## ער גלויבט ניט אין תחית המתים

דער מגיד האָט געענדיגט זיין דרשה און דער עולם האָט זיך געפיהלט העכסט צופרידען און איהם געגבען אַ הארציגען יישר־כח. דער מגיד האָט דאָ גערעדט וועגען תחית המתים און וועגען דעם אַז משיח וועט קומען, וועלען אַלע טויטע לעבעדיג ווערען. איין אפיקורוס איז ניט געווען צופריעדען, איז ער צוגעגאַנגען צום מגיד און געזאָגט איהם: אייער דרשה איז מיר ניט געפעלען, ווייל איך גלויב ניט אין תחית המתים.

— אזוי, אזוי! — האָט דער מגיד געזאָגט — טאַקע אַ רחמנות אויף דיר וואָס דו וועסט ניט אויפשטעהן צו תחית המתים. אָבער וואָס זיינען מיר אַלע וואָס גלויבען, שולדיג אין דעם.



## 282
## אַ רב דאַרף זיין ענליך צו אַ מלאך

דער רב פון שוהל האָט געפאָדערט אַז הוספה אויף זיינע שכירות, האָט מען פאַררופען אַ מיטינג צו פאַרהאַנדלען די זאַך. אויפ'ן מיטינג

האט דער פרעזידענט אויפגעוויזען דאס מען דארף דעם רב אין גאנצען קיין שכירות ניט צאהלען. „ממה נפשך — האט ער זיך געפשט'לט — ווי די גמרא זאגט: איז „אם הרב דומה למלאך ד' צבאות, מותר לשמוע מפיו דברי תורה", אויב דער רב איז ענליך צו א מלאך פון גאט מעג מען הערען פון איהם תורה און אויב ניט, טאר מען ניט. היינט אויב אונזער רב איז יא ענליך צו א מלאך, ווארום זאלען מיר איהם צאהלען שכירות, א מלאך דארף דאך ניט עסען און טרינקען? אלא, ער איז ניט ווי א מלאך און ער נויטיגט זיך ווי אלע מענשען אין געלד, טארען מיר דאך פון איהם ניט הערען קיין תורה.



283

## ער וועט קענען ליגען רוהיג אין קבר

א רייכער ישוב'ניק איז ראש השנה געקומען אין שוהל, און גלייך ווי דער עולם האט אנגעהויבען זאגען יגדל, האט ער ארויפגענומען דעם טלית איבער'ן קאפ און זיך שטארק צואויינט. דער רב האט זיך געטראכט: דער ישוב'ניק האט מסתמא אויפגעמישט „ונתנה תוקף", און דעריבער קלאגט ער אזוי. אז דער רב איז צוגעגאנגען צו איהם און געזעהן דאס ער האלט ביי יגדל, האט ער איהם געפרעגט אויף וואס ער וויינט. דער ישוב'ניק האט איהם אנגעוויזען אויף דעם פסוק „מתים יחיה אל ברוב חסדו" און אויסגעבראכען אין א יאמער: איהר ווייסט ניט ווי שלעכט מיר וועט זיין אויב איך וועל צוריק לעבעדיג ווערען. איך האב צוויי זיהן, איז ווען איך וואלט זיי נאר געלאזען וואלטען זיי פון מיין האב און גוטס א שעהנעם תכלית גע־מאכט, זיי וואלטען מיין גאנצען קאפיטאל פארשפיעלט אין קארטען. איך פארמאג ניט צו פארזינדיגען רבי, גאנצע צוואנציג טויזענט קערבלעך, אבער וואס קומט ארויס אז נאך מיין טויט וועלען דאס מיינע בנים באלד פטר'ן. וואלט איך כאטש ליגען רוהיג אין קבר, איז אבער דא א תחית המתים, און וועל צוריק מוזען לעבעדיג ווערען. איך וועל דאך, אהן א קאפיקע ביי דער נשמה, ניט האבען וואו דעם קאפ אנצושפארען. ווי איז ניט צו וויינען אויף דעם?

— בארוהיגט זיך ר' איד, — האט דער רב איהם געטרייסט — מיט אזעלכע צוויי בנים ווי אייערע, באדארפט איהר גאר ניט מורא האבען, זיי וועלען אייך אזוי טיעף באגראבען אין דער ערד דאס איהר וועט שוין פארשפארען אויפצושטעהן.

284

## ער וויל זיך אנשטעקען מיט זיין קרענק

אַן אָרימאַן איז אריין צו אַ קאַרגען גביר נאָך אַ נדבה, מיט אַן אויסרייד דאָס ער איז געקומען דעם גביר מבקר חולה זיין. דער גביר האָט פאַרוואונדערט איהם אָנגעקוקט און געזאָגט: איך בין גאָט צו דאַנקען ניט קראַנק דאָס איהר זאָלט מיר קומען מבקר חולה זיין. דער אָרימאַן האָט זיך אָבער געהאַלטען ביי זיינס: דער גביר איז קראַנק און געזאָגט צו איהם: שלמה המלך זאָגט „חולה ראיתי תחת השמש, עושר שמור לבעליו לרעתו" דאָס מיינט גבירים וואָס באַהאַלטען זייער געלד אויף אַ שלעכטע צייט, ווען זיי וועלען קראַנק זיין. און איהר זענט דאָך אַזוי, דעריבער בין איך אייך געקומען מבקר חולה זיין.

— איהר זייט גערעכט, — האָט דער גביר געזאָגט — אָבער אין שטאָדט געפינען זיך דאָך פיעלע קראַנקע, וואָס האָט איהר דווקא מיר אויסגעקליבען צו מבקר חולה זיין?

— פאַרשטעהט איך מיך, — האָט דער אָרימאַן געזאָגט — אַז מען איז מבקר חולה נעהמט מען צו אַ זעכציגסטעל פון דער קראַנק־הייט, נו, איך וויל זיך פון אייער מחלה אָנשטעקען.

285

## ער עסט תשעה באב צוליעב אַ מצוה וועגען

אַ בעל־הבית האָט געטראָפען זיינעם אַ פריינד זיצענדיג תשעה באב אין אַ רעסטאָראַנט און געשמאַק געגעסען.

— ווי פּאַסט דאָס פאַר אייך תשעה באב צו עסען בפרהסיא? — האָט ער איהם אויסגערעדט.

— איך טהו דאָס, — האָט דער פריינד זיך פאַרענטפערט — פון מצוה וועגען, איך וויל מיט דעם אַ טובה טאָהן אַן אָרימע מיידעל דאָס זי זאָל האָבען טויזענד רובעל אויף נדן.

— וואָס מיינסטו מיט דעם? וואָס פאַר אַ שייכות האָט דייז עסען מיט נדן פאַר אַן אָרימע בתולה?

— גאָר פּשוט. איך האָב היינט אין דער פרי געהערט אַ געשפּרעך צווישען צוויי דיענסט־מיידלאַך. איינע האָט געזאָגט דאָס די גאַנצע שטאָדט פּאַסט היינט און די צווייטע האָט איהר געענטפערט: הלואי

האָב איך די טויזענטער וויפיעל מענשען עס וועלען היינט עסען. טהו איך איהר אַ טובה און זאָל זי האָבען נאָך אַ טויזענד רובעל.

286

## די ריכטיגע תפילה

אַ יונגער מאַן וואָס זיין פּנים האָט עדות געזאָגט דאָס ער האָלט ניט פון תעניתים, איז יום כפור אַריין אין אַ שוהל און געפרעגט אַ אידען וועלכע תפלה דאַרף מען היינט זאָגען. דער איד האָט איהם אויפגעמישט דעם בענשען און געזאָגט: איהר האָט דאָך אין דער היים געוויס ניט געבענשט נאָכ׳ן עסען, בענשט׳זשע איצט.

287

## שקר און אמת זיינען ניט וואָס אמאָל

אַ מאָל איז שקר געווען אין שוהל און דער אמת אין גאַס, און היינט איז פונקט פאַרקעהרט. אמאָל ווען ר׳ האַצקעל דער ראש ישיבה האָט יום־כפור אין שוהל זיך גענומען קלאַפּען „על חטא שחטאנו לפניך״, האָט יעדער איינער געקענט צוגעהן און איהם אָנרופען ליגנער, ווייל אין דעם גאַנצען „על חטא״ וואָס ער האָט אויסגערעכענט, האָט ער אפילו קיין איין זינד ניט געטאָהן.

האָט מען אין שוהל געזאָגט הוילע ליגענס, און אַז מען איז אַרויס אין גאַס האָט מען געפונען דעם ריינעם אמת, ווייל אַלע געשעפטען האָט מען געפיהרט ראַיעל. היינט אָבער, אַז איינער קלאַפּט זיך אין הארצען „על חטא״ קענט איהר זיכער זיין דאָס אַלעס וואָס ער רעכענט אויס איז אמת, און אַז איהר קוקט זיך גוט צו ווי אונזערע ביזנעס־לייט פיהרען זייערע מסחרים, זעהט איהר אַז עס איז דורכאויס פול מיט שווינדעל.

288

## באַהנען אין יעקב אבינו׳ס צייטען

אַ קלויז בטלן האָט זיך אַ מאָל אָנגערופען דאָס אין יעקב אבינו׳ס צייטען זיינען שוין געווען באַהנען.

האָט מען איהם געפרעגט פון וואנען ער דרינגט דאָס, האָט ער געענטפערט, ער לערנט דאָס פון פסוק „וישלח יוסף עגלות על פי פרעה", לייען ניט פרעה נאָר פאָרע. און באַהנען, כידוע, געהען דאָך מיט פאָרע.

289

## אייביגע קעסט

— וויפיעל האָט דיין שווער דיר צוגעזאָגט קעסט? — האָט איין יונגערמאַן געפרעגט דעם צווייטען.

— צוגעזאָגט האָט ער אייביגע קעסט, נאָר אז איך וועל זיך שטאַרק איינשפּאַרען וועט ער מיר געבען נאָך אַ יאָהר.

290

## אַ געטרייער זוהן

אַ פאָטער איז צוזאַמען מיט זיין זוהן געשטאַנען ביי איין מיסעם אין באָרד. אין מיטען נאַכט האָט דער אַלטער פאָטער זיך שטאַרק צו־הוסט, האָט די מיסעם אָנגעהויבען שרייען ער זאָל אויפהערען הוסטען און לאָזען איהר שלאָפען. רופט זיך אָפּ דער זוהן: אַזוי לאַנג קרענקט איהר ווי דער טאַטע וועט אויפהערען צו הוסטען. ווייל די מיסעם וויל ניט, הוסט זשע טאַטע, די גאַנצע נאַכט.

291

##ביידע איינשטימיג

אַ פּאָר פאָלק איז געקומען אין קאָורט זיך גט׳ען. אַלס אַן אורזאַכע האָבען זיי אָנגעגעבען דאָס זיי קענען ניט שטימען צוזאַמען.

איבערפרעגענדיג זייערע טענות, רופט זיך אָפּ דער ריכטער: וואָס ווילט איהר?

— אַ גט! — האָבען מאַן און ווייב אין איין שטימע אויסגערופען.

— וואָס זשע זאָגט איהר דאָס איהר קענט ניט שטימען צווישען זיך, — האָט דער ריכטער געזאָגט — אַט זעה איך דאָס איהר זענט ביידע איינשטימיג אויף איין זאַך.



292

## אַ משל מיט אַ קלוגען נמשל

אַ גלח איז צוזאַמען געזעסען מיט אַ רב און פאַרבראַכט אין פאַרשיעדענע ענינים. אין מיטען זאָגט דער גלח צום רב, דאָס ער האָט איהם אַ קשיא צו פרעגען: ווען צוויי אידען האָבען צווישען זיך אַ סכסוך, געהען זיי צום רב און וואָס ער פּסק'ענט אַזוי בלייבט עס, בשעת אַ קריסט געהט אין געריכט און ווען ער ווערט אפילו אָן, קען ער אַפּעלירען און אַנגעבען ביז צום העכסטען סענאַט, און פיעל מאָהל טרעפט טאַקע דאָס דער פּסק ווערט געענדערט.

האָט איהם דער רב געענטפערט מיט אַ משל: אַ מאָל האָט אַ קאַץ אין מארק פון אַן אָרימע אידענע אַרויסגעכאַפּט אַ קעזעל און אַנטלאָפען, איז איהר אַנטקעגען געקומען אַ הונט און דעם קעזעל אַרויסגעכאַפּט פון איהר. די קאַץ האָט זיך איהם אַנטקעגען געשטעלט. זיי האָבען זיך אַזוי לאַנג געקריעגט ביז ביי זיי איז פאַרבליבען געהן צום פוקס אַ דין־תורה האָבען, און וואָס דער פוקס וועט פּסק'ענען אַזוי וועט בלייבען.

אויסהערענדיג זייערע טענות, האָט דער פוקס גע'פּסק'ענט דאָס זיי זאָלען זיך מיט דעם קעזעל צוטהיילען אויף דער העלפט, און ער זעלבסט האָט די חלוקה געמאַכט. אָבער אַנשטאָט צו שניידען דעם קעזל אין דער לענג, האָט ער עס צו שניטען אין דער ברייט, אַזוי דאָס דער הונט האָט באַקומען אַ קלענערע העלפט. דער הונט האָט פּראָטעסטירט און גע'טענה'ט דאָס די חלוקה איז ניט יושר'דיג, האָט דער פוקס איהם געגעבען גערעכט און גענומען די העלפט פון דער קאַץ און אָפּגעביסען אַ רעכטע שטיק, כדי די חלקים זאָלען גלייך זיין. דאָ האָט די קאַץ גענומען געוואַלדעווען, דאָס איהר טהייל איז איצט פיעל קלענער פון דעם הונט'ס. „גערעכט", זאָגט דער פוקס און בייסט אָפּ אַ שטיק פון הונט'ס חלק. ער האָט אַזוי לאַנג געביסען ביז זיי ביידע, די קאַץ מיט'ן הונט, האָבען געהאַט אַ קרענק.

אַט דאָס איז דער משל, און דעם נמשל איז לייכט צו פאַרשטעהן. אז אַ אידישער רב גיט אַרויס אַ פּסק, איז דאָס פאַר ביידע בעלי־דינים

געוואונשען, אָבער אַז מען הויבט זיך אָן משפּט'ען ביי אייך, איז דאָס אָהן אַן ענד און דער סוף איז, דאָס די חלה קלעגט אפילו נים אויף דער המוציא.



## 293

## „גרינע" ווערען שנעל געל

אייגער האָט אַמאָל געפרעגט: ווארום רופט מען די ערשט־אָנ־געקומענע אין אַמעריקע — גרינע, און די וואָס זיינען שוין עטליכע יאָהר אין לאַנד הייסען — געל?

האָט מען איהם דערקלעהרט: סוכות צייט, ווען דער הערבסט פאַנגט זיך אָן, הויבען די בלעטער אַראָפּפאַלען פון די בוימער און ווערען געל. פּסח צייט, אין אָנהויב פון פריהלינג, בליהען די בלעטער, די גראָז איז גרין און פול מיט פרישקייט. דאָס זעלבע איז אויך מיט אַ פריש־אָנגעקומענעם אידען, ער איז נאָך פרום און פול מיט אידישקייט און ער איז ווי אַ גרינער גרעזעלע, אָבער דער וואָס איז לאַנג אין לאַנד ווארפט פון זיך אַראָפּ די אידישקייט אין גאַנצען און ווערט פאַרוואַנדעלט אין געל ווי די בלעטער אין הערבסט.



## 294

## „חברה־קדישא" באַגראָבט אויף אַן אמת

ווארום הייסט די חברה קדישא, חברה גומלי חסד של אמת?

דאָס איז ווייל עס זענען פאַראַן פיעלע מענשען וואָס האָבען ליעב צו באַגראָבען אַ לעבעדיגען מענשען. אַ לעבעדיגען מענשען קען מען אָבער מיט אמת ניט באַגראָבען, מע מוז אָנרעדען אויף איהם אַלערליי שקרים און כזבים. די חברה קדישא אָבער, באַגראָבען נאָר טויטע, און אַ טויטען באַגראָבט מען אויף אַן אמת.



## 295

## ער ווערט בר־מצוה

אַ בעל־הבית האָט געפראַוועט די בר־מצוה פון זיין אינגסטען קינד. דער בר־מצוה בחור האָט געהאַלטען אַ „ספּיטש" אין ענגליש,

וואָס די עלטערע אידען האָבען ניט פאַרשטאַנען אַ וואָרט און געפרעגט דעם רב ער זאָל זיי איבערגעבען וואָס דער בחור האָט דאָ גע'דרש'נט. האָט זיי דער רב געזאָגט: „זיין דרשה איז גאָר פשוט, ער זאָגט זיך דאָס אָפּ פון אידישקייט. אמאָל ווען אַ אינגעל איז בר־מצוה געוואָרען האָט ער אָנגעהויבען לייגען תפילין, היינט אַז ער ווערט בר־מצוה, הערט ער אויף צו לייגען.



## 296

## פונקט קאַפּויער

אַן אפּיקורוס האָט אַמאָל געזאָגט צו אַ רב: דאָס וועט איהר רבי, אַליין צוגעבען דאָס אונז פרייע איז וואויל און גוט אויף דער וועלט. אַלץ איז אונז ערלויבט און וואָס אונזער הארץ גלוסט, טהוען מיר.

— פונקט קאַפּויער, — האָט דער רב איהם געענטפערט — די ריכטיגע פרייע זיינען מיר, די פרומע אידען, און ניט איהר. איהר אַז איהר ווילט טאָהן אַן עברה מוזט איהר דאָס טאָהן, איהר זעלבסט צווינגט זיך צו דעם. אָבער מיר פרומע אידען וואָס גלויבען אין דער תורה, ווילען ניט טאָהן וואָס אונז גלוסט זיך, ווייל מיר זיינען פריי. קומט אויס דאָס די אמת'ע פרייע זיינען מיר און ניט איהר וואָס האַלטען זיך פאַר פרייע.



## 297

## אַ משל מיט אַ ליכט

איינער האָט אויפגעוואָרפען אַ רב דאָס אידישקייט איז היינטיגע צייטען געוואָרען אַ ביזנעס. אַ באַווייז: דער גבאי פון דער שוהל וואו דער רב דאַווענט, איז שטענדיג מכבד מיט „פעטע" עליות ווי שלישי, ששי און מפטיר בעלי־עברות און מחללי שבתות בפרהסיא, ווייל זיי באַצאָהלען דערפאַר עטליכע דאָלער.

האָט דער רב איהם געענטפערט מיט אַ משל פון ליכט:

אַ חלב'נע ליכט איז דאָך געווים טרפה, און דאָך באַנוצען מיר אין שוהלען און בתי־מדרשים. נאָך־מעהר: אַז איהר צינדט אָן אַ ליכט און האַלט איהר מיט'ן פייער אַרויף, לייכט זי, פאַרשיינט די

גאַנצע הויז און מאַכט לעבעדיג און פרעהליך. פּרובירט אָבער האַלטען די ליכט מיט'ן פייער אַראָפּ, דאַן שמעלצט זי אויס, פאַרשפּרייט אַן אונאַנגענעהמען גרוך און אַמאָל פאַרפלעקט זי אויך די קליידער. דאָס זעלבע איז אויך ווארום מען טהיילט אַמאָל צו כבוד צו אַ בעל־עבירה און מחלל־שבת. ניט צוליעב די עטליכע דאָלער טהוט מען דאָס, נאָר כל זמן דער מחלל שבת לייכט מיט'ן פּנים אַרויף, ער קומט אין שוהל און האַלט זיך ביי אידישקייט, מוז מען איהם מקרב זיין, כדי ער זאָל ניט נעהמען לייכטען מיט'ן פּנים אַראָפּ און אין גאַנצען אויס־געלאָשען ווערען.



## 298

## ער זשאַלעוועט די פּאָלעס

איינער האָט נאָך אַ באַנקראָט אויסגעטאָהן זיינע לאַנגע מלבושים און גענומען טראָגען קורצע קליידער. אַז מען האָט איהם געפרעגט די אורזאַכע דערפון, האָט ער געענטפערט: ער האָט מורא דאָס די בעלי חובות זאָלען איהם ניט קומען אָפּרייסען די פּאָלעס.



## 299

## מיט געוואַלד פיהרט מען ניט אויס

אַ יונגערמאַן איז יום־כפור צו אשמנו געשטאַנען אין שוהל און צו יעדער אשמנו שטאַרק געקלאַפּט אויפ'ן הארצען. דער וואָס איז נעבען איהם געשטאַנען, האָט אין דער שטיל אַ זאָג געטאָהן: יונגער־מאַן, מיט געוואַלד וועט איהר גאַרניט אויספיהרען.



## 300

## בעסער צו קוקען איידער האָבען אין זינען

ווען די דיענסט־מיידעל פלעגט דעם ישיבה־בחור ברענגען עסען, פלעגט ער אַרונטערלאָזען די אויגען צו דער ערד. האָט זי זיך צו איהם אָנגערופען: בעסער קוקט אויף מיר און האָט אין זינען די ערד, איידער קוקען אויף דער ערד און האָבען מיר אין זינען.

301

## וואָס אַ חזן ליגט אין זינען

ביי אַ קליין שטעדטעלדיגען חזן האָט אויסגעבראָכען אַ שרפה. דער חזן האָט זיך אַרומגעדרעהט צו טומעלט, האָט געזוכט עפּעס און ניט געקענט געפינען. די ווייב האָט אויף איהם גענומען שרייען און בייזערען זיך: גזלן, וואָס דרעהסטו זיך אַרום! געה ראַטעווע כאָטש אונזער ביסעל אַרעמקייט.

— איך זוך, — האָט דער חזן איהר געענטפערט — דעם קאַמערטאָן, כדי צו וויסען מיט וואָסער טאָן צו שרייען פייער.

═▣═

302

## אַמעריקע איז אַ פרייע לאַנד

אַמעריקע איז טאַקע אַ פרייע לאַנד. קויפט איהר למשל, פלייש, באַקומט איהר פריי ביינער, אַז איהר קויפט אייער, באַקומט איהר קליינע הינדלעך פריי. נו, איז אַמעריקע ניט אַ פרייע מדינה?

═▣═

303

## די „עליה“ קען וואַרטען

אַ געוויסער קאָנטראַקטאָר איז געקומען שבת אין שוהל, און מען האָט איהם מכבד געווען מיט אַן „עליה“. אין מיטען מאַכען די ברכה, האָט ער באַמערקט זיינעם אַ באַקאַנטען, מיט וועמען ער האָט פאַר־האַנדעלט וועגען עפּעס אַ ביזנעס, אַריינקומען אין שוהל. דער קאָנטראַקטאָר האָט מורא געהאַט, טאָמער וועט דערווייל אַן אַנדערער אויסכאַפּען פון איהם די ביזנעס, האָט ער זיך אָנגערופען צו גבאי: „טרענספערט די „עליה“ צו אַן אַנדערען. איך האָב איצט אַ בילעכערע זאַך צו אַטענדען און די „עליה“ קען וואַרטען אויף אַן אַנדער מאָל“.

═▣═

304

## דער ריכטיגער „מזל“

אַ ניט־פאַרגינער האָט זיך אַמאָל אָנגערופען וועגען זיינעם אַ באַקאַנטען: „אָט דאָס איז אַ מזל'דיגער מענש! צו וואָס ער זאָל

זיך ניט נעהמען, באַגליקט ער. האָט ער אַרויסגענומען א „פּאָליסי" פאַר אַן עקסידענט, האָט ער גלייך צובראָכען א האַנד און טאַמער איז ער געוואָרען א מעמבער אין א לאָדזש, איז ער פּונקט אין א וואָך אַרום געשטאָרבען".



305

## ער האָט גערעדט פון היץ

א קאַרגער גביר איז שטאַרק קראַנק געוואָרען. ער איז געלעגען אין שטאַרקע היץ און די דאָקטוירים האָבען אויפגעגעבען זיין לעבען.

זיין ווייב און קינדער האָבען פון זיינט־וועגען געהייסען זאָגען תהלים און צוטהיילט פּופציג דאָלער אויף צדקה. גאָט האָט געהאָלפען און דער גביר איז געזונד געוואָרען.

אַז ער האָט זיך דערוואוסט פון דעם גרויסען אונגליק דאָס מען האָט א גאַנצען פופציגער צוטהיילט אויף צדקה, אַז ער געוואָרען אַן אַנגעצונדענער, ער האָט גענומען שרייען און בייזערען זיך, למאי האָט מען אָהן זיין וויסען אַזאַ זאַך געטאָהן.

— וואָס הייסט ? — האָט די ווייב געזאָגט — דו אַליין האָסט דאָך אונז געהייסען די סומע צוטהיילען !

— איך האָב גערעדט פון היץ, — האָט ער געענטפערט — און דו נאַר, האָסט מיר געגלויבט.



306

## דער חשק צו „שלישי"

„שלישי" איז די שעהנסטע „עליה" און יעדער איד האָט חשק צו איהר, דאָס איז ווייל ווען א איד זעהט צוויי, מישט ער זיך אַריין און וויל זיין דער „שלישי".



307

## נקמה פון א חזן

א חזן וואָס האָט געהאַט א סך געגנער, האָט אין א שבת ראש־חודש, זיך שטאַרק צולאָזען ביים הלל און מיט זיין כאָהר עטליכע

מאָל אויסגעזונגען דעם פּסוק: „ד' לי בעוזרי ואני אראה בשונאי“, און קאָמענדירענדיג דעם כּאָהר האָט ער אויסגעמארקירט דאָס זיינע הענד זאָלען זיך באוועגען אַנטקעגען זיינע געגנער.

— דאָס האָט דער חזן אונז אריינגעשטעלט אין סדור, — האָבען זיי צווישען זיך גערעדט — אָבער מיר וועלען זיך שוין מיט איהם דערפאַר אָפּרעכענען.

## 308

## אַ שבת־נדחה

אַ יונגער רעפאָרם־ראַבינער האָט פאר זיך געהאַט אַ שווערע פּראָבלעם צו לעזען. מען האָט איהם פאָרגעשלאָגען אַ גוט באַצאָהלטען אַמט אַלס מענעדזשער פון אַ צדקה אינסטיטושאָן, מיט'ן תנאי, ער זאָל דעם גאַנצען זונטאַג פאַרברענגען אין אָפּיס. ער וואָלט אָבער צוליעב דעם געמוזט אויפגעבען דעם טעמפּעל, און ער האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָהן.

האָט איהם אַ קלוגער אָרטהאָדאָקסישער איד געגעבען אַ גוטע עצה, ער זאָל מאַכען אַ שבת נדחה, אָפּלייגען דעם זונטאַג־שבת אויף דעם אידישען שבת, וועט ער ניט באַדאַרפען אויפגעבען זיין רבנות־שטעלע.

## 309

## אַ באַהאַלטעניש־שפּיעל

דאָ, אין אַמעריקע, אַז דער מלמד קומט לערנען באַהאַלט זיך דער תּלמיד. ווען ער קומט מאָהנען שכר למוד, באַהאַלטען זיך די עלטערן און סוף זמן ווען מען וויל פאַרהערען דעם אינגעל, באַהאַלט זיך דער רבי. אַזוי שפּיעלט מען זיך אין באַהאַלטעניש, און דער אינגעל קען אַ מכּה לערנען...

## 310

## ער האָט געוואָלט אַביסעל „פּובליסיטי“

אין אַ קליין שטעדטעל אין רוסלאַנד האָט מען געוואָלט אויפנעמען אַ רב פון אַן אַנדער שטעדטעל. דער רב האָט אָבער ניט געוואָלט

אָננעהמען די רבנות, סיידען אַלע בעלי־בתים פון שטעדטעל זאָלען זיך אונטערשרייבען אויפ'ן כתב־הרבנות, און דעם כתב מיט אַלע חתימות זאָל מען איהם צושיקען.

האָט מען אַזוי געטאָהן. אין אַ וואָך צייט איז שוין דער כתב־הרבנות מיט אַלע חתימות געווען פאַרטיג, חוץ איין שוסטער האָט זיך איינגעשפּאַרט און בשום אופן ניט געוואָלט אונטערשרייבען. מען האָט זיך געבעטען און געסטראַשעט מיט בייזען, עס האָט אָבער ניט געהאָלפען. דער שוסטער האָט זיך ניט אונטערגעשריבען און דער רב האָט געמוזט אָננעהמען די רבנות, מיט איין חתימה ווייניגער.

אַז דער רב איז געקומען צו פאָהרען, האָט ער געלאָזט רופען דעם שוסטער און געפרעגט צי איז ער איהם דאַגעגען, וואָס ער האָט זיין נאָמען ניט געוואָלט אונטערשרייבען?

— חס־וחלילה! — האָט דער שוסטער זיך גענומען שווערען — זאָל איך קרענקען! זאָל איך ניט דערלעבען, אויב איך האָב עפּעס קעגען אייך! איך האָב נאָר געוואָלט דאָס מען זאָל וויסען פון מיר און פון מיר אַביסעל רעדען. אַזוי ווער וויים פון מיר? אָבער איצט האָט די גאַנצע שטאָדט גערעדט דאָס זושע דער שוסטער האָט ניט געוואָלט זיך אונטערשרייבען אויפ'ן כתב־הרבנות.



## 311

### ער איז ביידע זאַכען ניט

שטעהענדיג אונטער דער חופּה, איידער דער חתן האָט די כלה אָנגעטאָהן דעם רינגעל, האָט דער מסדר קדושין איהם געפרעגט וואָס ער איז: אַ כהן צו אַ לוי?

— ביידע זאַכען ניט, — האָט דער חתן געענטפערט — איך בין אַ רעגס־פּעדלער.



## 312

### די ריכטיגע אינסטרומענטען

אַ יונגען דאָקטאָר האָט מען ביי דעם עקזאַמען געפרעגט, וואָסערע אינסטרומענטען געברויכט מען צו אַ קראַנקען וואָס איז אַראָפּגעפאַלען פון אַ פיער־און־צוואַנציג שטאָקיגע געביידע?

— אַ שאַפּעל מיט אַ בעזעם צונויפצוקערען די ביינער, — האָט ער געענטפערט.

313

## דער תירוץ ניט נויטיג

מען האָט צום טיש דערלאַנגט קאַשע. זאָגט דער פאָטער צום קינד: קענסטו ענטפערען אַ גוטען תירוץ אויף דער קשיא?

— יאָ, — האָט דער אינגעל געזאָגט — נאָכ'ן עסען וועל איך ענטפערען.

נאָכ'ן עסען האָט דער פאָטער ווידער געפאָדערט דעם תירוץ פון איהם.

— איצט איז שוין דער תירוץ ניט נויטיג, — האָט דער אינגעל שעלמיש געזאָגט — די קאַשע איז דאָך שוין ניטאָ.

314

## דער שטן אָהן ארבייט

דער שטן האָט זיך פאַרקלאָגט פאַר'ן רבונו של עולם, דאָס ער איז אָהן ארבייט.

— וואָס הייסט? — האָט דער רבונו של עולם זיך געוואונדערט — קענסט שוין גאָרניט ברענגען אַ מענשען צו זינד?

— אָבער איידער איך קום, — האָט דער שטן געענטפערט — האָבען זיי שוין אָפּגעזינדיגט.

315

## ליטוואַק צלם-קאָפּ

אַ גאַליציאַנער האָט געפרעגט אַ ליטוואַק: פאַרוואָס רופט מען די ליטוואַקעס צלם-קאָפּ?

— ווייל, — האָט דער ליטוואַק געענטפערט — ווען אַ ליטוואַק וויל עפּעס אויספיהרען, לייגט ער זיך אין דער לענג און אין דער ברייט.

316

## וועמען איז ערגער?

אַ רב האָט באַגלייט אַ אידען וואָס מען האָט געפיהרט הינגע־ריכטעט צו ווערען אויפ'ן עשאפאָט. עס איז געווען אַ קאַלטער ווינטערהדיגער טאָג און דער רב האָט זיך גוט איינגעוויקעלט אין זיין פוטער, און ציטערענדיג האָט ער זיך צום פאראורטיילטען אָנגערופען: „אך ווי מיר איז קאַלט!"

— מיר איז אויך קאַלט, — האָט דער פאראורטיילטער געענטפערט — מיר וואַרפט אַזש אַ צאָהן אין אַ צאָהן!

— אָבער, — האָט דער רב געזאָגט — אייך איז גוט. איהר וועט פאַרשפאָרען צוריק צו געהן, און איך מוז נאָך אין קעלט געהן צוריק אהיים.

317

## אַ „געבילדעטער" כהן

אין אַ קליין שטעדטעל אַז מעהר ווי איין כהן ניט געווען. דאָס איז געווען יעקב ליב דער בעל־עגלה, אַ איד הויך ווי עוג מלך הבשן, האָט פאַרמאָגט אַ שטימע פון אַ לייב, איז אָבער געווען אַ גרויסער עם־הארץ. שטאָרט האָט זיך אָבער ניט געקענט העלפען און געמוזט אָנקומען צו איהם, צו דוכנ'ענען און בענשען זיי.

איינמאָל האָט איהם איינער, נאָכ'ן דאַווענען, געפרעגט:

— פאַרשטעהסטו כאָטש, יעקב ליב, דעם פירוש המלות וואָס דו זאָגסט?

— געוויס! — האָט יעקב ליב געענטפערט מיט שטאָלץ.

— נו, זאָג זשע מיר דעם טייטש פון „ויחונך", אָבער ניט לאַנג געקלעהרט.

— וואָס איז דאָ ניט צו וויסען? — האָט דער כהן זיך געפיהלט באַליידיגט — „ויחונך" איז דער טייטש: ער זאָל דיר דערווערגען.

— אַזוי גאָר! — האָט מען איהם געזאָגט — אנשטאָט בענשען, שילטסטו אונז גאָר?

— דאָס מאַכט ניט, — האָט דער בעל־עגלה געענטפערט — בשעת'ן דוכנ'ען, טראַכט איך אַז דאָס וואָס איך זאָג זאָל אויסגעהן צו די גוים...

318

## א לומדיש פשט׳על

אין מדרש שטעהט: דריי מענשען איז מען מוחל זייערע עברות, דאָס זיינען זיי: אַ גר, אַ גבאי, אַ חתן. פרעגט זיך: וואָרום עפּעס נאָר די דריי? דער תירוץ איז: דעם גר קומט מוחל זיין זיינע פריהערדיגע עברות, ווייל קוים איז ער נאָר געוואָרען אַ איד וועט ער שוין האָבען צרות אויפ׳ן פּוד; דעם גבאי, — גלייך ווי ער איז נאָר געוואָרען גבאי כאַפּט ער אין טאַטענס טאַטען אריין און סוף כל סוף וועט מען איהם אראָפּוואַרפען פון זיין גדולה, און דער וואָס נעהמט אַ פרוי, איז דאָך געוויס באַרעכטיגט דאָס מען זאָל איהם זיינע עברות מוחל זיין, ווייל זי וועט שוין זיין נשמה אויסלייטערען.

319

## ער פאָלגט דעם טאַטען

אַ גרינער איד וואָס איז איצט אַנגעקומען אין אַמעריקא, איז דעם ערשטען פרייטאָג צו נאַכט געזעסען ביים זוהן אין הויז און מעביר געווען די סדרה.

דער זוהן איז אריין אין פראָנט־רום או אַנגעצונדען די געז. אז דער פאָטער האָט דאָס דערזעהן, האָט ער גענומען שרייען:

— וועה איז מיר, פינסטער איז מיר די וועלט! וואָס זעה איך? מיין זוהן מאַכט שבת פייער!

דער זוהן האָט אויף גיך פאַרלאָשען די געז, און געזאָגט:

— שריי ניט טאַטע, און ערגער זיך ניט אַזוי. זעהסט, אָט האָב איך דיר געפאָלגט און האָב אויסגעלאָשען דעם פייער.

320

## ער נעהמט נאָר וואָס עס ליגט

מען האָט אַמאָל איינעם געכאַפּט גנב׳ענען. מען האָט איהם גלייך געבראַכט צום רב, איהם אַרויסצוגעבען אַ פּסק.

— דו ווייסט דען ניט, — האָט דער רב אַ געשריי געטאָהן — דאָס אין דער תורה שטעהט „לא תגנוב״! הײנט ווי באַגעהסטו אַזאַ עברה?

— אָבער, רבי! — האָט דער גנב זיך גענומען פאַרענטפערען — איך האָב דאָך גענומען וואָס עס איז געלעגען.

321

## ראש־השנה׳דיגע עברי

איינער האָט געפרעגט: וואָס איז דער טייטש פון די ווערטער „אשרי העם יודעי תרועה״, וואָס דער חזן האָט ראש־השנה געזונגען אין שוהל.

— „אַזוי וואויל איז צו דעם מענשען וואָס קען יענעם אָנפּייפען״,— האָט מען איהם געענטפערט.

322

## זיין ווייב איז אַנדערש

— איז דאָס אמת, — האָט זיך איינער אָנגערופען צו צווייטען — וואָס מען זאָגט דאָס ווייבער האָבען ניין מאָס רייד? וואָס איז דיין מיינונג וועגען דעם?

— ניין, האָט ער געענטפערט — מיין ווייב רעדט גאָר אָהן אַ מאָס.

323

## דער הונט ווייסט פאַר וואָס ער בילט

אַ איד פלעגט אָפט אריינגעהן צו אַ פריץ. יעדעס מאָהל ווען ער פלעגט דורכגעהן דעם הויף פלעגט דעם פריץ׳ס הונט מיט אַ בילעריי איהם אָנפאַלען.

האָט דער פריץ צו איהם געזאָגט: ווי קומט דאָס וואָס קריסטען לאָזט דער הונט דורך, און ווי באַלד אַ איד באַווייזט זיך, הויבט ער אָן צו בילען?

— דאָס איז, — האָט דער איד איהם דערקלעהרט — בשעת די אידען זיינען אַרויס פון מצרים, האָבען די הינט זיך פאַר זיי אַזוי דערשראָקען דאָס קיין איין הונט האָט ניט געוואַגט אַ ביל צו טאָהן, דערפאַר האָט אונז גאָט געהייסען די טרפה פלייש אַוועקוואַרפען צו די הינט. היינט אָבער, אַז ווען עס ווערט עפּעס ביי אונז טריף, פאַר־קויפען מיר צו דאָס אייך, נו איז דען ניט אַ וואונדער וואָס די הינט בילען אויף אידען, זיי זיינען דאָך אויף אונז אין כעס.

## 324

## דאָס היטען אפילו אַפּיקורסים

עסען ערב יום־כפור די „סעודה המפסקת“, ניט לייגען קיין תפילין תשעה־באב אין דער פריה, און ניט לייענען קריאת שמע אין די ערשטע נאַכט פון פסח.

## 325

## ווי אין ספירה

מען האָט אַ ביזנעס־מאַן געפרעגט ווי איהם געהט?
— פונקט ווי אין ספירה, — האָט ער געענטפערט.
— וואָס מיינט איהר?
— גאָר פשוט. מען ציילט און מען ציילט און מען זעהט ניט אַ סענט פאַר די אויגען.

## 326

## טעכטער אין העברעאיש

— זאָג מיר נאָר יאַנקעל, — האָט זיך איינער אַנגערופען צו זיינעם אַ חבר — מען זאָגט דאָס דו קענסט גוט העברעאיש, זאָגשע מיר ווי אַזוי רופט מען אין העברעאיש אַ טאָכטער?
— ווער ווייסט דאָס ניט, — האָט ער איהם געענטפערט — אַז אין העברעאיש הייסט אַ טאָכטער „בת“?
— און אַ סך טעכטער?
— בעוונותינו הרבים!

327

## ער ווייסט וואָס ער רעדט

א פוהרמאַן האָט זיך באַריהמט דאָס איהם איז קלעהרער דער וועג פון זיין שטעדטעל ביז קאָוונע, מעהר ווי א איד אין אשרי.

— סטייטש! — האָט מען איהם געזאָגט — א איד זאָגט דאָך אשרי דריי מאָל א טאָג און דו פאָהרסט נאָר איין מאָל א וואָך, ווי זשע איז מעגליך אַז דיר זאָל די וועג זיין מעהר קלאָהר ווי א איד אין אשרי?

— אדרבה, — האָט דער פוהרמאַן געענטפערט — נעהמט אפילו דעם רב און הייסט איהם זאָגען אשרי אויף צוריק וועט ער ניט קענען, און איך פאָהר דאָך הין און צוריק.



328

## שווערט ביי זיין אידישקייט

א איד איז אַריינגעקומען אין א קריסטליכען געשעפט און געפרעגט אויף א דזשאָב. דער בעל־הבית האָט איהם געענטפערט דאָס אויב ער איז א איד קען ער ביי איהם קיין ארבייט ניט באַקומען.

— איך שווער אייך ביי מיין אידישקייט, — האָט דער איד זיך אָנגערופען — דאָס איך בין ניט קיין איד.



329

## משיח מעג שוין קומען

— ווייסטו שמערל, — האָט זיך איין שניידער אָנגערופען צום צווייטען — אַז ביי היינטיגען קריזיס, האָט משיח שוין געמעגט קומען.

— דענקסטו בערל, — האָט ער איהם געפרעגט — דאָס אויב ער וואָלט געקומען, וואָלט אונזער שניידערשע אַרבייט זיך פאַרבעסערט?

— געוויס! אַז משיח וועט קומען, וועלען דאָך די טויטע אויפשטעהן נאַקעט און מיר וועלען דערווייל האָבען אַרבייט.

— וועלען דאָך אויך די שניידער ווערען לעבעדיג, וועלען מיר דאָך ווידער ניט האָבען קיין אַרבייט, — האָט דער צווייטער געפרעגט.

— אָבער די געשטאָרבענע שניידערס ווייסען דאָך אָבער ניט די היינטיגע מאָדעס, — האָט בערל געענטפערט.

330

## פארקיהלט די האלז

מען האט א ישוב'ניק מכבד געווען מיט הגבה, האט ער געזאגט: איך קען דעם כבוד ניט אננעהמען, ווייל איך בין הייזעריג.

331

## די ערשטע שאלה

דער באריהמטער רב מעקלענבורג, איז צוויי יאהר צייט געווען רב אין גארט, דייטשלאנד. מען האט איהם דארט געהאלטען בכבוד גדול און געצאהלט גרויסע שכירות. דער רב האט דארט אבער מעהר ניט געוואלט זיין, און האט אנגענומען א רבנות שטעלע אין א צווייטע שטאדט.

אז די ראשי הקהלה האבען זיך פון דעם דערוואוסט, זיינען זיי געקומען צו לויפען צום רב מיט א געוואלד: „פאר וואס פארלאזט איהר אונז, רבי! אויב די שכירות איז צו ווייניג, וועלען מיר אייך מוסיף זיין".

— ניט צוליעב די שכירות פארלאז איך אייך, — האט דער רב געענטפערט — נאר דאס וואס אין צוויי יאהר צייט האט איהר מיר איצט די ערשטע שאלה געפרעגט.

332

## ער איז א גרינער

אין אן אבענד־שוהלע פאר גרינע עמיגראנטען, האט דער לעהרער איינעם פון די שילער געפרעגט: ווער האט די אלע שעהנע פעלדער באשאפען?

— איך בין איצט צוויי מאנאטען אין לאנד, און פון וואנען זאל איך וויסען? — האט דער שילער געענטפערט.

333

## שוין צו טהייער

א פאטער האט געזאגט צו זיין זוהן: „איך האף מיין קינד, אז דעם סדור וואס איך האב דיר געגעבען א מתנה צו דיין געבורטסטאג, איז ביי דיר טהייער".

— געווים, — האָט דער זוהן געענטפערט — איך האָב איהם איינגעוויקעלט אין פּאַפּיער און האַלט איהם פאַרשלאָסען אין סייף.

334

## אַ תשובה צו אַ גלח

אַ גלח האָט זיך גערייצט מיט אַ אידען, און צו איהם געזאָגט:

— אויב גאָט זאָל אייך ליעב האָבען ווי אַמאָל, פאַרוואָס וואַרפט ער אייך ניט קיין מן פון הימעל?

— היינט טהוט ער דאָס ניט, — האָט דער איד געענטפערט — ווייל ער האָט מורא דאָס די חזרים זאָלען דאָס ניט אויפעסען.

335

## חסידישע מופתים

צוויי חסידים זיינען געזעסען אין וואַגאָן און דערצעהלט מופתים פון זייערע רביים. האָט זיך איין חסיד באַריהמט:

— מיין רבי איז אַמאָל געגאַנגען אין גאַס, האָט ער געזעהן ווי אַ קליין קינד איז געשטאַנען נעבען אַ מויער און געגעסען חזיר. דער רבי איז שטאַרק אין כעס געוואָרען און האָט אַרויסגעלאָזען אַ קללה דאָס דער מויער זאָל איינפאַלען און הרג'ענען דאָס קינד. שפּעטער אָבער, האָט דער רבי זיך באַדענקט דאָס דער קינד איז ניט שולדיג און האָט געזאָגט דאָס דער מויער זאָל בלייבען ווי געוועזן און דער קינד זאָל בלייבען לעבען, און אַזוי איז טאַקע געוועזן.

— אויך מיר אַ מופת, — האָט דער צווייטער איהם אויסגעלאַכט — מיין רבי איז אַמאָל פרייטאָג צו נאַכט געוועזן אין וועג, איז אומעטום געוועזן שבת, און וואו דער רבי איז געפאָהרען איז נאָך אַלץ געוועזן פרייטאָג.

336

## די אויערען אָבער ניט די קעפּ

אַ רעדנער איז געשטאַנען אויפ'ן פּלאַטפאָרמע און גערעדט. אין מיטען האָט איינער פון פּובליקום געוואָרפען איהם אַ קעפּעל קרויט.

— פריינדע, — האט דער רעדנער זיך אנגערופען אייערע אויערען דארף איך האבען אבער ניט די קעפ.



337

## אין חלום

א פרוי האט דערצעהלט איהר מאן דאס ביי נאכט האט זיך איהר געחלומ'ט דאס ער האט איהר געקויפט א שעהנע הוט.

— דאס איז די ערשטע הוט וואס קאסט מיר אזוי ביליג, האט דער מאן מיט א זיפץ געענטפערט.



338

## די המוציא אין זאלץ

איינער האט אמאל געבעטען מען זאל איהם דערקלעהרען דעם טעם פאר וואס מען טונקט איין די המוציא אין זאלץ.

— כדי מען זאל ניט פיהלען ווי ביטער דאס שטיקעל ברויט קומט אן, — האט מען איהם געענטפערט.



339

## וויניגער קלעפ — וויניגער ברכות

זייט המן הרשע קריגט וויניגער קלעפ אין שוהל, באקומט מרדכי וויניגער ברכות אין הויז. דער גלאנץ פון דעם ארענטליכען מענשען זעהט זיך ערשט ארוים ווען מיר זעהן די שטראף פון באנדיט.



340

## ווען ער וואלט רייך געווען

א ישיבה בחור וואס האט געגעסען „טעג" ביי ארימע בעלי־בתים און פלעגט שטענדיג בלייבען הונגעריג, האט אנומעלט געזאגט: אך

ווי גליקליך וואָלט איך געווען ווען גאָט גיט מיר זיבעציג טויזענד רובעל. איך וואָלט דאַמאָלסט יעדען איינעם פון מיינע בעלי־בתים געגעבען צעהן טויזענט רובעל, וואָלטען זיי דאָך געוואָרען רייך און געקאָכט פעטע מאכלים און איך וואָלט פון זיי אוועק א זאַטער.



## 341

## זי איז מסכים צום שדוך

דעם באַריהמטען פילאָזאָף מענדעלסאָהן, האָט מען גערעדט א שידוך מיט א גרויסען גביר'ס א טאָכטער. אז די מיידעל האָט זיך געטראָפען מיט מענדעלסאָהן, האָט זי פון שידוך ניט געוואָלט הערען, ווייל דער פילאָזאָף האָט געהאַט א הויקער פון פאָרענט און פון הינטען. די מיידעל איז אָבער מענדעלסאָהנען שטאַרק געפעלען, און האָט געוואָלט איהר האָבען פאַר א ווייב. פאַר'ן געזעגענען זיך האָט ער איהר געפרעגט: אויב זי גלויבט אז א זווג איז א הימעל זאַך? די מיידעל איז געווען א פרומע און געענטפערט: יאָ.

— אויב אַזוי, — האָט דער פילאָזאָף געזאָגט — זיי וויסען דאָס פערציג טעג איידער דו ביזט געבוירען געוואָרען, האָב איך געהערט אויסרופען אין הימעל דאָס דו וועסט מיין באַשערטע זיין. איך האָב דיר דערזעהן, האָט מיך אָנגעכאַפּט א שרעק, זעהענדיק דיר מיט צוויי הויקערס. איך האָב גענומען וויינען און בעטען מען זאָל מיר געבען אַן אַנדער ווייב, א שעהנע. האָט מען מיר געענטפערט דאָס עס איז שוין פאַרפאַלען, די מיידעל מוז דיין ווייב זיין. נאָר אויב דו ווילסט דווקא האָבען א שעהנע ווייב, דאַן קענסטו זיך בייטען מיט איהר, נעהם צו איהר הויקער, וועט זי בלייבען א שעהנע און דיר וועט דיין חכמה באַשיינען. האָב איך דערויף מסכים געווען, אַבי דיר צו האָבען פאַר א ווייב.

דאָס איז די מיידעל שטאַרק געפעלען און האָט גלייך איינגעשטימט צו ווערן זיין ווייב.



## 342

## פרעהט זיך אָבער מאַכט זיך ניט נאַריש

פרעהט זיך אידעלעך און מאַכט זיך לוסטיג אום שמחת־תורה, מאַכט זיך אָבער לכבוד דער תורה ניט נאַריש.

343

## עס איז גוט צו זיין אַ איד

איינער האָט זיך אָנגערופען: אַך, ווי גוט עס איז צו זיין אַ איד אין אַמעריקע! אַלעס האָט ער: ערב יום־כפור — אַ האָן; טהענקס־גיווינג־דיי — אַ אינדיק און אַ גענזעל אויף חנוכה.

344

## ביים וואַסער זינדיגט מען מעהר

די וואָס האָבען דעם גאַנצען זומער פאַרבראַכט ביי די ברעגען פון ים, געהען ניט ראש־השנה צו תשליך. זיי ווייסען דאָס ביים וואַסער זינדיגט מען מעהר ווי איבעראַל.

345

## ער האַלט ניט פון „שיריים“

נאָך קידוש האָט דער בעל־הבית יעדען איינעם דערלאַנגט דעם בעכער צו פאַרזוכען אַ ביסעל קידוש־וויין. איינער האָט זיך ענטזאָגט צו טרינקען, מיט'ן אויסרייד: דאָס ער גלייבט ניט צו טרינקען וואָס עס בלייבט איבער פון יענעם. דער בעל־הבית האָט פאַר איהם אָנגעגאָסען אַ פולען בעכער, וועלכען דער מאַן האָט אין גאַנצען אויסגעטרונקען. האָט זיך דער בעל־הבית אָנגערופען: פריהער האָב איך געדענקט דאָס איהר גלייבט ניט צו נעהמען „שיריים“ פון אַן אַנדערען, איצט זעה איך דאָס איהר קענט ניט לײדען דאָס אַן אַנדערער זאָל פון אייך נעהמען „שיריים“.

346

## אַ גוטער רמז פון סדור

דאָ אין אַמעריקע איז ביי אונזערע אידען אַ מנהג דאָס גלייך נאָך יום כפור, קומען פאַר וואַהלען פאַר די פאַרשיעדענע שוהל־באַאַמטע און ראשי־החברות. עס האָט אַ שטיקעל רמז אין סדור. עס

שטעהט: „ראשי חדשים לעמך נתת — זמן כפּרה“, טייטשט מען: „נייע עלטסטע האסטו דיין פאָלק געגעבען, אין דער צייט פון כפּרות“.



## 347

## זיי האָבען צו זינגען און צו זאָגען

געוועהנליך ערוואַרטען מיר פון א חזן זינגעכץ און פון א מגיד — זאָגעכץ. עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט וואס היינטיגע צייטען האָבען די חזנים און מגידים צו זינגען און צו זאָגען.



## 348

## אַ מוסר השכל פון קיטעל

דער ווייסער קיטעל וואָס מיר טהוען אָן ראש־השנה און יום־כפּור, קען אַ שוואַרצע האַרץ ניט ווייס מאַכען.

## 349

## אַ מאכל ווי אַ פּרה אדומה

דער משגיח פון דער ישיבה אין וואָלאָזין האָט אַמאָל געפרעגט אַ בחור, וואס ער האָט געגעסען צו מיטאָג, האָט ער געענטפערט:

— איך ווייס ניט, עפּעס איז עס געווען גלייך צו דער פּרה אדומה, אַ רויטע גערשטענע קאַשע. אַ קראַנקען מאַכט זי געזונד, און אַ געזונטען מאַכט זי קראַנק.



## 350

## אַ סימן פון אַן עהרליכען מאַן

עס זענען פאַראַן דריי־ערליי בעלי חובות: איינער גיט אָפּ דעם חוב פאַר דער צייט. אַזעלכער איז געווים אַ גנב (ווייל ער האָט אין דעם אַ שלעכטע אבזיכט). אַן אַנדערער גיט אָפּ אין דער צייט, דער איז פיליייכט אַן עהרליכער מאַן. עס איז אויך פאַראַן אַזעלכער וועל־כער גיט אָפּ נאָך דער צייט, דער איז געווים אַן עהרליכער מאַן.

350

## אַן ענטפער פון אַ רב אויף אַ חוש הריח

אַ רוסישען יונגען מאַן, וואָס איז מיט צוואַנציג יאהר צוריק געקומען אין אַמעריקע און איז פאַר דער צייט געוואָרען רייך, האָט זיך פאַרגלוסט אָפּאַר צו טאָן אויף אַ באַזוך אין זיין געבורט־שטעדטעל. קומענדיג אַהיים, האָט ער דערזעהן די נויט פון זיינע קרובים און גוטע באַקאַנטע פון דער יוגענד, האָט ער יעדען ארויסגעהאָלפען ווי ווייט מעגליך עס איז געווען. דער עולם האָט דערזעהן, אַז דער גאַסט צוטהיילט פיעל געלט, האָט מען זיך צו איהם אַנגעהויבען ווענדען פון פערשיעדענע חברות און פאַראיינען.

ניט וויסענדיג וואָסער חברה איז נייטיגער און ריכטיגער, האָט ער איבערגעלאָזען ביי דעם רב פון שטעדטעל צוויי טויזענד דאָלער ער זאָל דאָס צוטהיילען לויט זיין פאַרשטאַנד, און איז אַוועקגעפאָהרען.

געוועהנליך, אַז דער עולם האָט זיך דערוואוסט אַז ביי דעם רב איז פאַראַן אַזאַ מטמון מיט געלט פאַר צרכי צבור, האָט מען אַנגעהויבען געהן צום רב. גבאים פון פאַרשיעדענע חברות ווי: „הכנסת כלה", „חברה תהלים", און אַנדערע. פון „תלמוד תורה", „בקור חולים", „לחם אביונים" איז דאָך שוין אָפּגערעדט.

צוויי אידען פון שטעדטעל, באַוואוסטע קמצנים וואָס האָבען קיינמאָל גאָר ניט געגעבען אויף צדקה, זענען געקומען צום רב. דער רב, דערזעהענדיג די צוויי קמצנים, האָט ער זיי געבעטען זיצען און זיך געווענדעט צו זיי:

— וואָס וועט איהר זאָגען גוטעס?

— עפּעס מוזט איהר האָבען זעהר וויכטיגעס צו זאָגען, ווייל איך האָב אייך ביז איצט קיינמאָל ניט געזעהן ביי מיר אין שטוב.

— מיר זענען געקומען צו אייך רבי, ווייל מיר האָבען געהערט, אַז דער אַמעריקאַנער גביר האָט ביי אייך איבערגעלאָזט געלט אויף שטאָדטישע הצטרכות'ן, זענען מיר געקומען אייך זאָגען, דאָס אַזוי ווי דער גדר פון הייליגען אָרט איז צובראָכען, און חזירים קריכען אויף דעם הייליגען אָרט און מאַכען קאַליע די מצבות, האָבען מיר געוואָלט ביי אייך פועל'ן, אַז איהר זאָלט געבען אַ פּאָר הונדערט דאָלער אויף תקון הגדר.

— יאָ! — זאָגט דער רבי — דאָס איז טאַקע זעהר וויכטיג. אָבער מיך וואונדערט נאָר פון וואַנען האָבען זיך די חזירים... דער־

וואוסט, אַז ביי מיר איז דאָ געלט, און האָבען אַנגעהויבען קריכען אויפ'ן הייליגען אָרט?...



351

## די קענערס פון שטאָדט

דער גאון מלבי"ם זצ"ל איז אַמאָל געקומען נאָך יעקאַטערינאסלאוו. האָט זיך אין שטאָדט זעהר געקאָכט, פיעל מענשען האָבען איהם גע־וואָלט זעהען. אָבער דער משרת פון האָטעל איז געשטאַנען ביי דער טהיר אום צו האַלטען אָרדנונג. דאָ זענען געקומען די משכילים פון שטאָדט און האָבען געוואָלט מיט געוואַלד זיך אריינשטופּען, איז געוואָרען אַ טומעל און דער גאון איז אַרוים געקומען און האָט גע־פרעגט וואָס דאָס איז, האָבען די משכילים געזאָגט:

— רבי איז דאָס ריכטיג? מיר קומען צום רבי אום צו מאַכען אַ ברכה: „ברוך שחלק מחכמתו ליראיו", לאָזט מען אונז גאָר ניט צו?

דער גאון האָט באַלד פאַרשטאַנען פון זייערע רייד ווער זיי זענען, און ער האָט זיי געפרעגט:

— ווער זייט איהר?

— מיר זענען די משכילים פון שטאָדט, — האָט דער גרעסטער פון זיי געענטפערט.

— משכילים? — האָט דער גאון געפרעגט. — דוד המלך האָט שוין לאַנג געזאָגט „היש משכיל דורש את אלקים?"

דאָ האָט זיך דער משכיל אָפּגערופען, — רבי מיר זענען די „קענערס" פון דער שטאָדט.

— „קענערס"? — האָט דער געזאָגט, — יעצט וויים איך שוין ווער איהר זייט. ווען איך שטעה אויף אין דער פרי, פאַרגלוסט זיך מיר צו טרינקען אַ גלאָז טהע איך קען אָבער ניט, ווייל איך האָב מיך ניט געוואַשען. נאָך דעם וואַשען וואָלט איך גערן עפּעס עסען, איך קען אָבער ניט, ווייל יך האָב נאָך ניט געדאַווענט. נאָך דעם דאַווענען קען איך ווייטער ניט עסען ווייל איך האָב מיך ניט געוואַשען. אָבער איהר קענט דאָס אַלעס בעסער פאַר מיר, דאַרום קומט אייך דער טיטעל „קענער".

— בקיצור, וואָס איז אייער פאַרלאַנג? — האָט דער גאון גע־פרעגט — קומט אריין און זאָגט.

דאָ האָט דער גרעסטער פון זיי געזאָגט:

— רבי, איך האָב זיך איבערצייגט, אַז די גמרא איז פול מיט שקרים !

— פון וואַנען האָסטו דיעזע איבערצייגונג? — האָט דער גאון געפרעגט.

האָט דער משכיל געענטפערט:

— די גמרא זאָגט, ווען איינער טהוט אַ נדר און באַצאָהלט ניט, נעמט גאָט ביי איהם צו זיין ווייב. און איך האָב אַ ווייב אַ שטיק פורעניות, און איך בין עקסטרא מנדר און מנדר און קען איהר ניט פטור ווערען. דערפון זעה איך אַז די גמרא איז פול מיט ליגען.

דאָ האָט דער גאון איהם געענטפערט:

— די גמרא איז געווים אמת, נאָר דו פאַרשטעהסט איהר ניט. דער אייבערשטער נעמט נאָר צו אַ גוטע פרוי, אבער אַ שלעכטע ווי דיינע, לאָזט ער צו רוה. דו וועסט זיך מיט איהר עלטערען ביז עס וועט דיר מיאוס ווערען דיין לעבען.

דער משכיל הערענדיג אַזעלכע ווערטער, איז אַרויסגעגאַנגען אבל וחפוי ראש.



352

## אַ שאַרפער ענטפער

דער גאון ר' אלכסנדר משה לפידות, פון ראסיין, איז אַמאָל גע־פאָהרען אין אייזענבאַהן, וואו עס האָבען זיך געפונען דריי סאָציאַליס־טען. זיי האָבען געוואָלט דעם רב טשעפּען זענען זיי צוגעגאַנגען צו איהם, און האָבען געזאָגט:

— רבי גיט אונז אַ ברכה מיר זאָלען מצליח זיין, מיר פאָהרען וועגען אַ אידישע זאַך, מיר ווילען פועל'ן אַז אין די אייזענבאַהנען זאָלען זיין מזוזות. עס פאָהרען דאָך רבנים און אַנדערע פרומע לייט, פאַרוואָס זאָל ניט זיין אַ מזוזה צו קושען?

— פאָהרט און זייט מצליח — האָט זיי דער גאון געענטפערט.

— אָבער, וואָס טהוט מען היינט? — האָבען זיי ווייטער גע־זאָגט — ווען עס איז ניטאָ קיין מזוזה?

— היינט, — האָט דער גאון זיי געענטפערט — קענט איהר קושען אַנדערשוואו.

353

## זי האט מנצח געווען

א געוויסער רב פון ליטא איז אמאל אן חנוכה ארומגעפאהרען אין די דערפער וועגען חנוכה־געלט. איז ער געקומען אין א אידישע קרעטשמע, ער האט אבער קיין מענש ניט געטראפען, ווייל אלע זענען געווען אוועקגעפאהרען, נאר א קליינע מיידעלע פון אכט יאהר אלט, איז געשטאנען אין שענק און האט פארקויפט צו די פויערן בראנפען. ווי זי האט דערזעהן דעם רב, האט זי איהם געוואונקען, ער זאל אריין געהן אין א צווייטען צימער. נאך עטליכע מינוטען איז אריינגעקומען דער שמש פון שטאדט א דערפרוירענער, וועלכער איז צוגעגאנגען צום טיש צו דער מיידעל זיך רייבענדיג אין זיינע הענד. די מיידעל האט באלד פארשטאנען אז ער מיינט א טרונק, און זי האט איהם געוואונקען ער זאל אריין געהן אין צווייטען צימער. זי האט איהם באלד אריינגעבראכט א גלעזעל בראנפען, וועלכעס ער האט באטראכט מיט א זויערן פנים, ווייל עס איז געווען צו קליין. האט ער צו איהר געזאגט:

— טאכטער לעבען, פון דעם גלעזעל טרינקען דאך די פויערן! איך טאר פון איהם ניט טרינקען, ער איז דאך ניט גע׳טובל׳ט!

— וואס קען איך טאהן? — האט זי צו איהם גע׳טענה׳ט — איך האב ניט קיינע גע׳טובל׳טע גלעזלאך.

— טאכטער לעבען, — האט ער צו איהר געזאגט — נעם דיין פאטערס קידוש־בעכער, פון איהם מעג מען טרינקען.

די מיידעל האט אבער פארשטאנען אן עסק, און זי האט גענומען די גלעזעל בראנפען און האט עס אריינגעגאסען אין בעכער און האט איהם דערלאנגט.

דער שמש האט געעפענט א פאר גרויסע אויגען און האט געזאגט צו די מיידעל:

— זעה נאר, דער בעכער איז דאך ניט פול, איך טאר ניט קיין ברכה מאכען!

— איך קען איהם ניט פול אנגיסען, — האט זי געענטפערט — ווייל דער בעכער איז נאר גע׳טובל׳ט א האלבער.

דער רב, הערענדיג די קלוגע רייד פון דעם מיידעל, איז ער זעהר פארוואונדערט געווארען. אין דער זעלבער צייט איז אריינגעקומען פון הויף א פעטע ענדיטשקע און האט ארומשפאצירט אין שטוב. דער רב האט צוגערופען די מיידעלע און האט איהר געפרעגט:

— טאַכטער לעבען, ווייסט דו ניט, אפשר וואָלט דיין פאָטער, וועלען זיך משדך זיין מיט אַ רב ?

— יאָ, — האָט זי געענטפערט. — מיין פאָטער האָט שוין עטליכע מאָל געזאָגט, ווען עס וואָלט זיך טרעפען אַ שידוך פאַר מיין שוועסטער מיט אַ רב, וואָלט ער געספענדט פיעל געלט.

— אויב אַזוי, — האָט דער רב געזאָגט, — גיב מיר די ענדיטשקע אַהיים, איך האָב אַ שעהנעם ענדיק, וועט דאָס זיין אַ פיינער שידוך.

— ווען מיין פאָטער וועט טהון אַ שדוך — האָט די מיידעלע געענטפערט — וועט ער די פאַר ביי זיך האַלטען. זייט זשע מוחל, רבי, און ברענגט דעם ענדיק אַהער.



## 354

## עפענען די מויל

אין מיינע דרשות, זאָג איך אָפט אַ וויץ און דער עולם לאַכט פון דעם וויץ. האָב איך ערקלעהרט זיי, וואָרום איך טהו דאָס, מיט אַ משל. ווען אַ מוטער האַלט איהר קליין קינד אויפ'ן האַנט, און זי דאַרף איהם איינגעבען קאַסטער־אויל, און דאָס קינד נעהמט ניט, נעמט די מוטער און גיט איהם אַ קיצעל, הויבט אָן דאָס קינד לאַכען, און אַז ער עפענט די מויל, דערווייל גיסט זי איהם אַריין דעם קאַסטער־אויל.

דאָס זעלבע טוה איך, איך וויל אייך אַריינגעבען אַ ביסעל מוסר, וואָס דאָס איז אַ היילונג פאַר'ן גייסט, האָב איך מורא אַז איהר וועט ניט וועלען נעמען. מאַך איך לאַכען, און אַז איהר עפענט די מויל, גיס איך דערווייל אַריין אַביסעלע...



## 355

## דער הונט וואָס ער בילט

פריץ (צו אַ אידען) : — קריסטען געהען דורך און דער הונט בילט ניט, נאָר ווי איהר געהט דורך דעם הויף פאַנגט אָן דער הונט צו בילען.

איד : — בעת אידען זענען ארויס פון מצרים האָט אפילו אַ הונט ניט געוואָגט אויף זיי צו בילען, דערפאַר האָט איהם ג' פאַרזאָרגט אַז אַלע טריפות זאָלען מיר פאַר די הינט אַרויס וואַרפען. איז אָבער געוואָרען אַ מאָדע אַז ווען ביי אונז ווערט עפּעס טריפה פאַרקויפען מיר אייך נו, זענען די הינט אויף אונז אין כעס.

356

## דער פּורים־דיגער רב

אין דער וואָלאָזשינער ישיבה האָבען די בחורים געפּלעגט אום פּורים זיך צו פאַרשטעלען און מאַכען אַ ראש ישיבה, און זענען גע־גאַנגען צום ראש ישיבה און בשעת חדוה האָט דער פאַרשטעלטער ראש ישיבה אַראָפּ געזאָגט פון הארצען וואָס ער האָט אַ גאַנץ יאָהר געהאַט עגמת נפש אויף דעם ראש ישיבה. אמאָל אום פּורים האָט דער פאַרשטעלטער ראש ישיבה צופיעל באַליידיגט דעם ראש ישיבה. נאָך פּורים האָבען איהם אַלע בחורים געהייסען געהן מפייס זיין דעם ראש ישיבה. ווי ער איז צו איהם געקומען, האָט ער זיך פאַרטיידיגט זאָגענדיג:

— רבי, זייט מיר מוחל וואָס איך האָב גערעדט בשעת שכרות אַזעלכע רייד קעגען אייער כבוד.

האָט דער ראש ישיבה געזאָגט:

די וועלט זאָגט אַ שפּריכוואָרט: „וואָס ביי אַ ניכטערן איז אויפ׳ן לונג איז ביי אַ שכור אויפ׳ן צונג“. איז דאָך אַ קשיא, צו וואָס דאַרף מען זיך מטריח זיין ביי אַן אָקס בודק זיין דעם לונג, לאָז מען איהם אָנשכור׳ן און בודק זיין דעם צונג, וועט מען וויסען אויב ער איז כשר? נאָר פון אַן אָקסענעם צונג איז קיין באַוויז ניט.



357

## שיקט אַ גנב צו אַ גנב

אַ מחבר איז אמאָל געקומען צו זיינעם אַ פריינד און האָט איהם געבעטען, ער זאָל איהם אָנווייזען, אַדרעסען, וואו ער קען פאַרקויפען זיינע ספרים. האָט ער איהם געשיקט צו אַ מאַן וועלכער איז געווען אַ גרויסער עם הארץ. ווי דער מחבר איז צו איהם געקומען, האָט ער באַלד פאַרשטאַנען אַז איינער האָט איהם אָפּגעטאָהן אַ שפּיצעל. ער האָט דעם מחבר געפרעגט: „ווער האָט אייך אַהערגעשיקט צו מיר?“

האָט ער געענטפערט: „דער און דער האָט מיך געשיקט צו אייך“.

ווען ער האָט שפּעטער דעם יעניגען געטראָפען, האָט ער איהם מקבל פּנים געווען מיט קללות און זידלערייען זאָגענדיג, דו האָסט ניט פון וועמען אָפּצולאַכען, נאָר פון מיר?

האָט זיך יענער פערטהיידיגט מיט דיעזע ווערטער: „זיי ניט אזוי אין כעס, איך ווייס דאך אז דו האנדעלסט מיט גנבה'שע זאכען, און אין דעם ספר איז פאראן גענוג געגנב'עטע זאכען".



358

## אַ מוסר ניט צו פאַרבייטען די מוטער שפּראַך

אַ רייכער מאַן איז אריינגעקומען צו אַ פּראָפעסאָר און זאָגט צו איהם:

— הערר פּראָפעסאָר, קומט וואָס צום שנעלסטען, מיין פרוי איז אַ שווערע געווינערען. שוין זייט דריי טעג ווי זי קען דאָס קינד ניט געבוירען, יעצט האָט די אקושארען ערקלעהרט, אז זי איז געפעהרליך און מען דאַרף אייך הערר פּראָפעסאָר...

דער פּראָפעסאָר איז געוועזען אַן אידעאַליסט און אַ גאַנץ פרומער מאַן, נעמט ער ארוים זיין זייגער און זעהט אז עס איז ערשט צעהן אזייגער.

— ניין, ליבער מאַן, איך פאָהר ניט יעצט, איך מוז יעצט בעפאָר עסען פרישטיק.

— הערר דאָקטאָר, גאָט איז מיט אייך, דאָרט איז אַ מענש אין געפאַהר און איך געהט יעצט אין קאָפ עסען?

— יאָ, מיר קען געהן אין קאָפּ עסען אין דער צייט וואָס דריי טעג נאָכאַנאַנד ווען אייער פרוי האָט זיך געמוטשעט שטאַרק, זענט איהר צו מיר ניט געקומען און ערשט יעצט אז דער טויט ליגט שוין אויף איהר נאָז דאַן קומט איהר צו מיר?

— הערר דאָקטער, איך וועל אייך געבען דעם בעסטען פרישטיק ביי מיר אין הויז, איך בין גענוג רייך אז איהר זאָלט צופרידען זיין פון מיין פרישטיק.

— אויב אזוי פאָהר איך, אָבער הערט, ניט משנה צו זיין!

זיי זענען געפאָהרען. מען איז צוגעפאָהרען צום הויז, דער דאָקטער האָט באַטראַכט די געווינערען און צייט דריי מינוט געהט ער ארוים און זאָגט צום גביר:

— נו וואו איז מיין פרישטיק?

— דזשעני גיב אהער גיכער קאַלבם בראַטען, ביפ סטעק, קאָטלעטין, א. ז. וו. פאַר דעם הערר דאָקטער.

דער דאָקטער האָט זיך געזעצט עסען גאַנץ רוהיג און זי שרייט געפעהרליך.

— הער דאָקטער, — פרעגט דער מאַן — איז עס ניט קיין גע־פאַהר?

— ניין ליבער מאַן, די צייט איז 75 מינוט ביז זי וועט געבוירען דאָס קינד.

דער מאַן שטעהט דערביי און זעהט ווי ער עסט גאַנץ געשמאַק, און איהם אַרט גאַר ניט וואָס זי שרייט אַלץ העכער און אַלץ שטאַרקער.

דעם מאַן וואַרפט אין אייניגע קדחות נאָר וואָס העלפט עס, ער עסט.

דערווייל האָט דער דאָקטער דערהערט אַ גאַנץ שוואַכע שטימע פון דער פרוי — „גאָט פון אברהם יצחק ויעקב ענטפער מיר".

ווי ער האָט דאָס דערהערט האָט ער אוועקגעוואָרפען דעם עסען און טרינקען און איז אַריינגעלאָפען אין צווייטען רום וואו די קינד־בעטאָרין איז געווען און צייט 15 מינוט איז דאָס קינד אויף דער וועלט געווען.

— הערר דאָקטער, — פרעגט איהם דער מאַן, — ווי אַזוי האָט איהר געוואוסט דערפון ווען די צייט, ערקלעהרט עס מיר.

— ליבער מאַן, — זאָגט דער דאָקטער — זייט ווישען איך בין ניט קיין נביא, נאָר איך געדענק אַז איהר זייט געווען אַ שטיקעל בוך קיפער ביי דעם און דעם האָט איהר גענומען אַ רובעל אַ וואָך, אין דער זעלבער הויז איז געווען אייער פרוי אַ קעכין פאַר 70 רובעל אַ יאָהר, דאַן האָט איהר ביידע אפילו קיין אידיש אויך ניט געקענט ריידען, היינט אַז איהר זייט אַ רייכער מאַן פּאַסט אייך ניט צו רעדען אידיש נאָר אַנדערע שפּראַכען! איך קום אַריין אין הויז און הער ווי זי שרייט אין רוסיש גאָספּאָדי פּאָמאָגיי" טראַכט איך זיך, ווי לאַנג טאָכטער דיר ליגט נאָך אין קאָפּ אַזעלכע זאַכען צו רעדען רוסיש, וועט דיך דער טייוועל ניט נעמען... נאָכהער הקער איך ווי זי שרייט אין ענגליש „מיי גאָד", נו טראַכט איך, איך קען נאָך עסען בעסער, דער רוח וועט דיר ניט נעהמען... איך דערהער אָבער ביים סוף ווי זי שרייט שטילערהייד: גאָט פון אברהם יצחק ויעקב ענטפער מיר", אָט ווי איך האָב דאָס דערהערט, האָב איך פאַרשטאַנען אַז ווי באַלד אַז עס האַלט ביי גאָט פון אברהם, דאַן איז שוין די מינוטען געציילטע.

359

## וויל נישט בייטען דעם שטאַנד

עס איז אַמאָל פאַרגעקומען ביי א רב, ווי אַ מאַן האָט געוואָלט אָפּ'גט'ען זיין ווייב, און זי האָט ניט איינגעשטימט דערצו. זי האָט גע'טענה'ט זי וויל בלייבען, אין דעם שטאַנד אַזוי ווי ער האָט זי גענומען. דער רב האָט איהר געבעטען, זי זאָל איהם ערקלעהרען וואָס זי מיינט. האָט זי געזאָגט:

— מיין מאַן האָט מיך גענומען ווען איך בין געוועזן אַן אַלמנה, יעצט וויל ער מיך מאַכען פאַר אַ גרושה? איך וויל בלייבען אַן אלמנה ווי פריהער.



360

## אַ מוסר

אמת! די בלומען זיינען פאַרוועלקען, און די בלעטער פון די בוימער פאַלען, אָבער מען זעהט אויך די בלומען בליהען און פרוכטען וואַקסען אויף די בוימער. דאָס לעבען געהט צו די לעבעדיגע, און ווער עס לעבט מוז זיין געפּאַסט אויף יעדען לעבענס וועקסעל.



361

## אַ שוהל פון דייטשישע יהודים

בעל קורא רופט אַליין אויף אַ יונגען מאַן אַ ספּאָרט צו דער תורה: יעמוד החתן ר' ....

ספּאָרט: וואַי דיד יו קאָל מי אַפּ? אי קענט מייק די ברכה.

בעל קורא: אַ אָ אַ מ ן — און האָט גענומען לייענען אין דער תורה.

ווען ער האָט פאַרענדיגט זאָגט דער ספּאָרט: יו אַר ע סמאַרט פעללאָו, קאַם דאַון ענד אַי וויל טריט יו!

בעל קורא: אמן!

362

## שטימען פאַר אַ חזן

אין דער שטאָדט קוטנא (פּוילין) איז אַמאָל געווען אַ מחלוקה וועגען נעהמען אַ חזן. האָט דער גאון רבי יהושע זצ"ל געזאָגט: „מיר זעהען אז אין דעם דור המדבר האָט מען געזינדיגט אַלערליי חטאים: ביים עגל, ביי די מרגלים, א. א. וו. פאַרוואָס האָבען זיי ניט געהאַט אַ יצר הרע צו נעהמען אַ חזן? נאָר די תורה שרייבט, אַז אין דער מדבר זענען די קליידער ניט צופוילט געוואָרען, און מען האָט ניט געדאַרפט קיין שיך, איז דאָך ניט געוועזען קיין שניידער און קיין שוסטער, טאָ ווער זאָל נעהמען אַ חזן?

363

## אַ מזל אין הימעל אָבער ניט אויף דער ערד

דער באַריהמטער סלאָנימסקי וועלכער האָט זיך געמאַכט אַ נאָמען אין אַסטראָנאָמיע, האָט אין זיינע יונגע יאָהרען געלעבט אין נויט אָהן פּרנסה. אין אַ געוויסען טאָג איז ער געזעסען פאַרטראַכט, קלערענדיג אויסצוגעפינען אַ פּלאַנעט, וועלכער איז געזוכט געוואָרען פון אַלע אַסטראָנאָמען. זיין ווייב איז דערוויַיל צוגעגאַנגען צו איהם מיט אַ פראַגע:

— וואָס וועט מען טהאָן ווייטער? איך דאַרף עטליכע רובעל?

— זיי געדולדיג, — האָט ער איהר געענטפערט. — איך וועל נאָר אויסגעפינען דעם שטערן, וועט זיך שוין אונזער לאַגע פאַר־בעסערען.

האָט זי געזאָגט:

— דו קענסט גיכער געפינען אַ שטערן אין הימעל איידער אַ רובעל אויף דער ערד.

364

## פּורים און יום הכפּורים

דיזע צוויי טעג האָבען אַ ּעהנליכקייט צווישען זיך. פּורים פאַר־שטעלען זיך אידען פאַר גוים און יום הכפּורים פאַרשטעלען זיך גוים פאַר אידען.

365

## בעלעמער קראַנקע

צוויי בעלעמער זענען קראַנק געוועזען אויף איין קראַנקהייט, יעדען די רעכטע פוס. מיט אַ שמערצליכען וועהטאָג האָבען דאָק־טוירים ערקלעהרט אַז זיי ביידע האָבען איין קראַנקהייט, און ביידע ליידען איין וועהטאָג און מען דאַרף ביידען קורירען מיט אַן מעדיסין — אַז זיי מוזען האָבען שטאַרקע מאַסאַזשען דורך עלעקטרע, און צוליעב דעם דאַרפען זיי פאָהרען אין וואַרשעווער האָספּיטאַל.

זיי זענען ביידע געקומען אין וואַרשא, און דער וואַרשאַווער פּראָ־פעסאָר האָט אויך דערקלעהרט אַז ביידע ליידען אויף איין קראַנקהייט, און מען האָט גענומען איינעם, איהם געלייגט אויפ׳ן טיש און מען האָט איהם געריבען זיין פוס. ער האָט געמאַכט גרויסע קולות, שרעק־ליכע געשרייען פון וועהטאָג, מען האָט דעם אַנדערען נאָכדעם, אויך גענומען מאַכען די זעלבע רייבונג, און „אין קול ואין פוצה פה״, ער האָט געשוויגען אַזוי ווי אַלע מאָל. ווען ער איז אַראָפּ געגאַנגען פון טיש, פרעגט איהם דער דאָקטער, ווי אַזוי האָט ער זיך געקענט איינ־האַלטען, אַז זיין חבר האָט אַזוי שטאַרק געשריען?

וואָס פאַרשטעהט איהר ניט, זאָגט ער צום דאָקטער, אַז איך בין קליגער ווי מיין חבר. ער האָט געגעבען אייך צו רייבען די קראַנקע פוס, דעריבער האָט ער געשריען פון וועהטאָג אָבער איך בין קלוג, איך האָב אייך געגעבען צו רייבען די געזונטע פוס, רייבט וויפיעל איהר ווילט, און מיר טהוט ניט וועה....



366

## משה רבינו און דער רמב״ם

דער גאון בעל חתם סופר זצ״ל האָט געזאָגט, וואָרום רופט מען דעם ערשטען „משה רבינו״ און דעם צווייטען „רבינו משה״? דער תירוץ איז, ווייל משה רבינו פאַר מתן תורה האָט ער געהייסען נאָר „משה״, נאָכהער ווי ער האָט מקבל געוועזען די תורה און האָט זי געלערענט מיט די אידען האָט ער באַקומען דעם נאָמען „רבינו״. אָבער דער רמב״ם איז ערשט באַקאַנט געוואָרען ביים פאָלק דורך זיין תורה, איבער דעם האָט ער באַקומען זיין נאָמען „רבינו משה״.

367

## דער צופּרידענער רב

ווען דער גאון ר׳ אביש זצ״ל פון פראנקפורט דמיין האט געזאלט נפטר ווערען, האט ער אנגעזאגט די פרנסים פון שטאדט, אז נאך זיין פּטירה זאלען זיי נעהמען דעם גאון ר׳ עוזר זצ״ל (מחבר פון׳ ספר אבן עוזר) פון קלימינטאוו (פּוילין) אלס רב אויף זיין אָרט. ווי עס איז געווען נאך די שלושים זענען די פרנסים געפאהרען נאך קלימינטאוו וועלכע איז זעהר א קליינע שטעדטעל. ווי זיי זענען אריין געקומען אין רב׳ס הויז, האבען זיי געפונען די טהיר אָפען און קיינער איז ניט געוועזען אין שטוב. זענען זיי געגאנגען אין הויף, האבען זיי געזעהען ווי די רעביצען מעלקט א ציעג אין שטאל און דער רב שטעהט דערביי. ווי דער רב האט דערזעהן די אורחים האט ער זיי געגעבען שלום און האט זיי געפיהרט אין שטוב אריין. זיי האבען איהם דערצעהלט אז זיי זענען די פרנסים פון פראנקפורט, און זיי קומען איהם אויפנעהמען פאר א רב אין זייער שטאדט, לויט די צוואה פון זייער פארשטארבענעם רב. ווי דער רב האט די בשורה געהערט, האט ער זיך קורע געוועזען און האט געזאגט צו די פרנסים: „איך קען אייער רצון ניט ממלא זיין, צו וואס דארף איך פראנקפורטער רבנות? איהר זעהט, פון „דער ציעג״ האב איך א האלבע פרנסה, ווען איך וואלט געהאט נאך איין ציעג, וואלט איך שוין געהאט די והותר, נאר צופיעל עולם הזה איז ניט גוט״.

די פרנסים האבען מיט איהם געארבייט מיט רעדען, אבער זיי האבען איהם ניט געקענט איבעררעדען, און זיי האבען געמוזט אהיים פאהרען מיט גאר ניט.



368

## טורא בטורא

די וועלט זאגט א שפּריכווארט: א בארג מיט א בארג באגעגענען זיך ניט, אבער א מענש מיט א מענש באגעגענען זיך יא. אין דיעזען ווערטעל איז א גרויסער אמת. די באדייטונג איז, צוויי מענשען וועלכע האלטען זיך הויך ווי בערג, אזעלכע קענען זיך קיינמאל ניט אויסגלייכען, אבער צוויי איינפאכע מענשען קענען שטימען צווישען זיך.

369

## ניט קיין פראסטער בעל עגלה

ווען מען האט געגומען דעם גאון רבינו יעקב זצ"ל פאר א רב אין ליסא זענען די חשובים און לומדים פון שטאדט איהם אקעגנען געפאהרען, און זיי האבען איהם גענומען אויף זייער קאטש. אויף דעם וועג האט ער געזאגט א גרויסארטיגען פלפול, וועלכער האט אלע לומדים זעהר איבערראשט. דא האט זיך דער בעל עגלה מיט דער בייטש אין האנד ארומגעדרעהט און האט אויך אריינגערעדט אין דעם פלפול. ווי דער גאון האט דאס געהערט, האט ער צו זיי געזאגט:

— קעהרט אום דעם וואגען צוריק! איך בין צו קליין צו זיין רב אין ליסא, ווען אפילו אייער בעל עגלה איז אזא למדן, ווי זענען שוין די פני העיר!

האבען די לומדים איהם געענטפערט:

— מיינט ניט, רבי, אז דאס איז א פראסטער בעל עגלה, דאס איז א דיין פון אונזער בית דין, וועלכער האט לכבוד דעם רבי, גע־נומען דעם פלאץ פון בעל עגלה אנצוטרייבען די פערד.



370

## דער פראגרעס פון אייזלען

דעם גאון רבינו יונתן זצ"ל פון פראג, האט א מיניסטער אן אנ־טיסעמיט אמאל געפרעגט:

— ווארום זייט איהר אידען היינטיגע צייטען אזוי שטאלץ, וואס איהר רייט אויף פערד, אייערע עלטערן זענען דאך געריטען אויף אייזלען? אויך אייער רבי משה האט געמאכט רייטען זיין פרוי און קינדער אויף אייזלען! אויך אייער משיח וועט קומען אויף אן אייזעל!

האט דער גאון איהם געענטפערט:

— מיר טהוען דאס ניט פאר שטאלצקייט, נאר ווייל די אייזלען האבען פראגרעסירט, און זענען גרויס געווארען, מוזען מיר רייטען אויף פערד.

371

## די ווערטה פון א רב

א רב איז אמאָל געפאָהרען מיט א בעל עגלה אין א פרעמדע שטאָדט אריין האָט ער איהם צוגעפיהרט צום שטאָדטיגען רב. דער רב האָט געפרעגט דעם בעל עגלה: „וויפיעל קומט אייך?“ האָט דער בעל עגלה געזאָגט 50 קאָפּיקעס. האָט דער שטאָדטיגער רב מיט פאַר־וואונדערונג געזאָגט:

— וואָס פאַר פיינע מענשען אייערע בעלי עגלות זענען! אונזער בעל עגלה וואָלט גענומען פון א רב א רובעל!

— אייערע בעלי עגלות האָבען א טעות, — האָט דער פרעמדער רב געזאָגט, — זיי דענקען אז א רב'ס ווערטה וועגט קעגען די גאַנצע שטאָדט, איבער דעם פאַרלאַנגט ער פיעל. אבער אונזערע בעלי עגלות וויסען אז א רב איז ניט מעהר ווי א פשוט'ער איד איבער דעם איז גענוג, ווען ער צאָהלט ווי א געוועהנליכער איד.

372

## ווען איז דער מולד?

ווען דער גאון ר' אליה קאלישער זצ"ל האָט אנגענומען זיין ערש־טע רבנות איז ער געפאָהרען צו הגאון ר' חיים וואָלאָזינער זצ"ל, ער זאָל איהם לערנען ווי צו פיהרען דאָס רבנות. ווי ער האָט זיך מיט איהם געזעגענט, און האָט געהאַלטען ביי אוועקפאָהרען, האָט ר' חיים געזאָגט: „יאָ, נאָך איין זאך האָב איך אייך צו זאָגען, — א רב מוז לערנען דעם לוח.

דער גאון ר' אליה האָט פאַרשטאַנען אז פון רבי חיים'ס הייליגע מויל וועלען ניט ארויסגעהן דברים בטלים. ווען ער איז געקומען אין דער שטאָדט פון זיין רבנות, האָט ער גענומען דעם לוח און האָט איהם דורכגעקוקט פון אָנפאַנג ביז צום סוף.

ווי עס איז געקומען שבת, אום וועלכען מען האָט געבענשט ראש חודש, איז צו איהם געקומען א איד פרעגען: „רבי ווען איז דער מולד?“

דעמאָלס האָט ער פאַרשטאַנען די הייליגע ווערטער פון רבי חיים זצ"ל, ווייל וואָס פאַר א פנים וואָלט ער געהאַט ביי דעם אידען ווען ער וואָלט ניט געוואוסט דעם מולד?

## 373

## אַ פּאַסענדער הספד

אין דער שטאָדט פּארדאַן (דייטשלאַנד) האָט אַמאָל פּאַסירט אַן אומגליק אַ רייכער איד איז געפאָהרען און איז אַראָפּגעפאַלען פון וואָגען און איז דער׳הרג׳עט געוואָרען. איז מען געקומען צום ראַבינער ר׳ נחום שטרייזאַנד, ער זאָל איהם מספיד זיין. ער האָט אָבער ניט געהאַט עפּעס גוטעס צו זאָגען אויף דעם בר מינן, ווייל ער האָט זיך געפיהרט ניט אידיש. האָט ער אָנגעפאַנגען דעם הספד מיט דיעזע ווערטער:

אונזערע חכמים זאָגען, אז עס זענען פעראַנען ניין הונדערט און דריי מינים פון מיתות. דער טויטער דאָ, ווייס מען ניט די אורזאַך פון זיין טויט. אלה ברכב, דיעזע זאָגען, אז דער וואָגען האָט איהם גע׳הרג׳עט ואלה בסוסים, יענע ווידער זאָגען, אז די פערד האָבען איהם גע׳הרג׳עט, ואנחנו בשם ד׳ אלקינו נזכיר, מיר אָבער דענקען, אז פון גאָט האָט עס איהם פּאַסיערט.



## 374

## ציגעלע מיגעלע

בעריל: — קענסט דו מיר פילייכט ערקלעהרען וואָרום זינגען די מוטערס זייערע קינדער מיט דעם ליעד, „ציגעלע מיגעלע וואַקס אין קריגעלע רויטע פּאַמעראַנצען....“?

שמעריל: — איך ווייס, איך האָב געזען אַ ליעד וואָס ער איז נאָך געמאַכט געוואָרען אין שפּאַניען, איז ער געווען אין 18 פערזען, יעדער פערז פלעגט זיך שליסען און אָנפאַנגען מיט דעם וואָרט „צא גולה, מגולה צא“, ווען איינער האָט גע׳מל׳ט זיין קינד באַהאַל־טענערהייד טיעף אין דער ערד, פלעגט ער צו געהן און אָפּט זינגען צו איהם דאָס ליעד וואָס איז געווען פול מיט באַגייסטערונג פון מאָראַל טיעפען טרויער, און ער זאָגט צו איהם, איך מיין קינד, בין פון די אנוסים, איך היט אָב אידישקייט אין קעלער טיעף אין דער ערד, איך האָב דיך גע׳מל׳ט און האָב מורא פון דיין יעדער געשריי, אז מען זאָל אין גאַס ניט דערהערען, נאָר איך וועל שווין, ווייזט אויס שטאַר־בען אַ איד ווען אפילו מען זאָל דאָס דערוויסען וועט מען מיך לייגען

אויפ'ן אויטאָדעפע און מיין קערפּער וועט פאַרברענט ווערען, אָבער מיין נשמה וועט אַריין אין הימעל בתוך צדיקי עולם. צווישען די אַלע צדיקים פון דער וועלט, אָבער דו מיין קינד, אויף דיר זאָל גאָט שוין האָבען רחמנות און איך ווינש דיר צו „צא גולה, מגולה צא", געה אַרויס פון דאָנען דו פאַרטריבענער פון גלות געה אַרויס. און דער פאָטער פלעגט דאָס זינגען מיט אַזאַ געשמאַק און מאָראַל אַז די מוטער פלעגט זיך צעוויינען בלויז הערענדיג און ניט פאַרשטעהענדיג קיין העברעאיש. אָבער זי, די מוטער, אַז זי פלעגט צו געהן צום קינד, פלעגט זי אויך וועלען זינגען דעם ליעד, אָבער זי ווייסט נאָר פון דעם ליעד מעהר ניט ווי דעם אָנפאַנג, „צא גולה" און די ענדע — „מגולה צא", פלעגט זי דאָס נעהמען זינגען גיך, און די העברעאיש קען זי דאָך ניט ריכטיג אַרויסריידען און צא גולה מיט דעם אויסלאָז מגולה צא ביידע אינאיינעם, צא גולה מגולה צא, גיך אין ביידע פלעגט אויסקומען ציגילע מיגעלע, צא גולה — ציגעלע, מגולה צא — מיגעלע, און זאַ וויטער.



## 375

## אחרי רבים להטות

די אָפּגעשלאָגענע הושענא גיט אַ לעקציאָן פאַר די מענשען וועלכע ווילען זיך ניט פאַראייניגען מיט דער מאַיאָריטעט. מיר זעהען ווען די ערבות וואָלטען זיך פאַראייניגט מיט דער אגודה פון לולב און הדסים, וואָלטען זיי ניט געוואָרען אָפּגעשלאָגען.



## 376

## עס האָט איהר באַרוהיגט

מאַן, (צו זיין ווייבעל): — הער מיין פרוי, איך האָב זיך אינשורט אויף פינף טויזענט טאָלער.

פרוי: — לאַנג לעבען זאָלסטו מיין מאַן, יעצט וועל איך ניט דאַרפען מורא האָבען, טאָמער פּאַסירט דיר עפּעס אַ סיבה...

377

## רייכקייט דאָ און לעתיד לבוא

עס איז אַמאָל אַ איד פון פּוילען געקומען נאָך דייטשלאַנד, האָט ער געהערט ווי דער ראַבינער זאָגט שבת און פּרעדיגט מיט מאָראַל, זאָגענדיג אַז דיעזע וועלט איז הבל, די קינפטיגע וועלט איז אַ קאָנ־טראַסט פון דער וועלט, ווער עס איז דאָ רייך, וועט דאָרט זיין אָרעם, ווער עס איז דאָ אָרעם וועט דאָרט זיין רייך. דער איד איז צו־מאָרגענס געגאַנגען צום ראַבינער און האָט איהם געפרעגט:

— הערר ראַבינער, איז עס ווירקליך אַזוי ווי איהר האָט נעכטען געזאָגט, אַז דער וואָס איז דאָ אָרעם, וועט דאָרט זיין רייך?

— גאַנץ געוויס! — האָט דער ראַבינער געענטפערט, — עס איז קיין צווייפעל אין דעם.

— ווען עס איז אַזוי, — האָט דער איד געזאָגט, — וועל איך בעטען, לייט מיר 1000 מאַרק, איך וועל זיי אייך אויף יענער וועלט צוריקגעבען. איך בין דאָך דאָ אָרעם, וועל איך דאָך דאָרט רייך זיין.

— יאָ, — האָט דער ראַבינער געענטפערט, — דאָס באַקומען זי.

ער האָט באַלד אַרויסגענומען 1000 מאַרק פון זיין שראַנק און האָט זיי אַנידערגעלייגט פאַר דעם אידען, וועלכער האָט מיט ערשטוינען געקוקט און ער איז שוין געוועזען גרייט צוצונעהמען דאָס געלד. דער ראַבינער האָט איהם אַ פראַגע געשטעלט:

וואָס וועט איהר מיט דעם געלד מאַכען?

— איך וועל האַנדלען, — האָט דער איד געענטפערט.

— און ווען איהר האַנדעלט פאַרדיענט איהר עטוואָס?

— ווען דאָס גליק דיענט מיר, פאַרדיען איך.

— ווען עס איז אַזוי, — האָט דער ראַבינער געזאָגט, — קען איך אייך דאָס געלד ניט געבען! און דאָס זאָגענדיג האָט ער דאָס געלד צוריקגעלייגט אין דער **קאַסע**.

— וואָרום דען, הערר ראַבינער? — האָט דער איד געפרעגט.

— יאָ, — האָט דער ראַבינער געענטפערט — איהר וועט דאָ רייך ווערען, וועט איהר דאָרט אָרעם זיין, וועט איהר דאָך ניט האָבען מיר אָפּצוגעבען.

378

## הרב הגאון און הרב המקובל

דער גאון ר' איצעלע זצ"ל פון וואלאזין האָט געזאָגט, עס זענען פאראנען צוויי ערליי רבנים אויף איינעם שרייבט מען א טיטול „הרב הגאון החריף ובקי וכו'..." אויף אן אנדערען שרייבט מען „הרב המקובל בוצינא קדישא..." דאָס איז גלייך ווי צוויי קינדער האבען ניט געוואָלט געהן אין חדר. איינער האָט זיך באַקלאָגט ביי זיין מוטער אז ער האָט קאָפּוועהטאָג. די מוטער האָט איהם אנגעטאַפּט דעם קאָפּ. האָט זי באַלד פארשטאַנען אז עס איז א ליגען און זי האָט איהם געטריבען אין חדר אריין. דער אנדערער האָט אָבער געזאָגט אז ער האָט בויכווייטאָג, איז ער געבליבען אין דער היים, ווייל די מוטער האָט ניט געקענט דערגיין דעם אמת האָט זי איהם געמוזט גלויבען. אזוי איז אויך מיט „הרב הגאון", מען טאַפּט איהם דעם קאָפּ, קומט דער אמת ארויס, אָבער „הרב המקובל..." דאָס איז א בויכווייטאָג גיה קריך אריין אין בויך!...



379

## דער רב אין קאלאשען

דער באַריהמטער רב הגאון ר' אליהו חיים מייזעל זצ"ל פון לאָדזש, איז אמאָל געקומען צו א נגיד אויף א וויזיט. דער נגיד האָט זיך גע־וואָלט אויסברענגען א וויטץ, האָט ער געזאָגט:

— רבי, ווי האָט מען דאָס אמאָל געהערט, א רב זאָל טראָגען קאלאשען אויף זיינע פיס?

האָט דער גאון געענטפערט:

— די אמאָליגע רבנים זענען ניט געגאַנגען אין אזעלכע בלאָטעס, ווי איך געה היינט.



380

## פאָהרען אום שבת

אין אמעריקע און אין ענגלאנד, באַלד ווי א קינד ווערט נאָר גע־בוירען איז מען איהם שוין מחנך צו פאָהרען שבת אין א קליין וועגעלע, כדי ער זאָל עס קענען טאָהן גרויסערהייט.

381

## „אמת" ו„אמת"

דער מנהג איז, צו וואַרטען אויפ'ן רב ביי דער קריאת שמע ביז ער זאָגט „אמת", אָבער אין די ימים הנוראים וואַרט מען ניט, ווייל אַ גאַנץ יאָהר פאַרלאָזט מען זיך אויף דעם רב'ס „אמת", אָבער אין די הייליגע טעג, מוז יעדער ביי זיך האָבען דעם „אמת".

382

## דער רב און דער פּאָליציימייסטער

אין דער שטאָדט דווינסק איז געוועזען אַ פּאָליציימייסטער אַ גרויסער אידען־פריינד. ער פלעגט אָפט קומען צום רב צו וויזיט. אַמאָל האָט ער דעם רב געפרעגט, פאַרוואָס האָט משה געהייסען באַ־האַלטען אַ קריגעל מן?

האָט דער רב איהם געענטפערט: ווייל ג' האָט געוואוסט, אַז עס וועלען אַמאָל זיין צייטען וואו מען וועט ניט דערלאָזען אַ ביסען ברויט פאַר אַ אידען, האָט ער געהייסען גוט באַהאַלטען דאָס קריגעל מן, כדי מען זאָל עס ניט אויסגעפינען און צונעהמען דעם לעצטען שטיקעל ברויט פון די אידען. דער פּאָליציימייסטער האָט פאַרשטאַנען די ווערטער, אָבער ער האָט געשוויגען.

383

## די איינציגע שאלה

אַן אָרטהאָדאָקסישער רב אין דייטשלאַנד, האָט אַמאָל געלאָזט צוזאַמענרופען די חשובים פון שטאָדט און האָט זיי ערקלעהרט, אַז ער מוז פאַרלאָזען די שטאָדט. די שטאָדט־לייט זענען זעהר איבער־ראַשט געוואָרען איבער זיין רעזיגנאַציאָן און זיי האָבען איהם גע־פרעגט וואָס די אורזאַך דערפון איז, האָט ער זיי געענטפערט:

— דאָס איז ווירקליך אַ שאלה, זאָנסט האָב איך קיין שאלה ניט געהערט פרעגען זייט אַ לאַנגער צייט.

384

## גוטע און שלעכטע שליחות

אין דער שטאָדט בריסק דליטא איז אמאָל געווען א מחלוקת וועגען א שמש, וועלכען מען האָט געוואָלט אראָפּזעצען פון זיין אמט און נעהמען א נייעם שמש. די שטאָדט האָט געוואָלט, אז דער גאון ר׳ יאָשע בער זצ״ל זאָל אויך מסכים זיין. האָט ער זיך געשטעלט זאָגען א דרשה און האָט אָנגעפאַנגען מיט דיזע ווערטער:

פון א לאַנגע צייט איז מיר שווער געווען צו פאַרשטעהן די גע־שיכטע פון דער עקדה. צו שעכטען יצחק׳ן האָט גאָט אליין געהייסען, אָבער דערנאָך איהם ניט שעכטען, האָט ער באַפוילען דורך א מלאך, פאַר וואָס האָט ער באַלד אין אָנפאַנג ניט געזאָגט דורך א מלאך?

דער תירוץ איז, ווייל מיט אזא שליחות צו שעכטען א מענש, וואָלט קיין מלאך ניט געוואָלט גיין. אָבער מיט א גוטע שליחות, איהם ניט צו שעכטען, האָט דער מלאך געאיילט זיך אָנצוזאָגען. אזוי איז אויך ווען מען וואָלט געקלעהרט מוסיף זיין דעם שמש אויף די שכירות, וואָלט איך געווען דער ערשטער מסכים צו זיין, אָבער צו שעכטען א מענש, וועל איך בשום אופן ניט מסכים זיין.



385

## המן אָהן א קדיש

הרב המופלג מה״ו יוסף פּנחס קאַנטר ז״ל פון קאַניץ (פּוילין) האָט אמאָל געפרעגט, פאַרוואָס זאָגט מען קדיש נאָך מגלת קהלת, רות, שיר־השירים, אָבער נאָך מגלת אסתר ניט? דער תירוץ איז ווייל המן האָט ניט איבערגעלאָזען קיין קדיש.



386

## יתום אָבער קיין חזן

אן אבל איז אמאָל געגאַנגען דאַווענען פאַר׳ן עמוד, און עס איז איהם ניט געלונגען. האָט איינער געזאָגט: „טאַטע מאַמע קענען נאָר מאַכען זייערע קינדער פאַר יתומים, אָבער ניט פאַר חזנים“.

387

## אין אַ ניו יאָרק׳ער חדר

רבי (צום אינגעל): — געדענק זשע יונגאַץ אַז די מינים וואָס זענען מעלה גרה זענען כשר.

אינגעל: — רבי, איז אויף אַזאַ אופן דער איירישער פּאָליסמאַן וואָס שטעהט ביים קאַרנער און טהוט נאָר און קייעט טשואינג־גאָם, איז ער אויך אַ כשר׳ער?

388

## אַ ביישפּיעל פון משה רבינו

אין אַמעריקע ווערען איבערנאַכט חזנים, מענשען וועלכע האָבען אין יוראָפּ ניט געקענט זייער מויל עפענען. זיי האָבען זיך גענומען אַ ביישפּיעל פון משה רבינו ע״ה. ווען גאָט האָט איהם געשיקט צו פּרעה׳ן האָט ער געזאָגט ער קען ניט רעדען, אָבער ווען ער איז גע־קומען איבער׳ן ים, „אָז ישיר משה...״ האָט ער שוין געקענט זינגען.

389

## מענדעלזאָהן׳ס האַנדעל

אין יענער צייט האָט עקזיסטירט אַ געזעץ אין בערלין, אַז ווער עס האָט געוואָלט אריין אין דער שטאָדט האָט געמוזט דעם בעאַמטען זאָגען זיין נאָמען און וואָס זיין געשעפט איז. דער בעאַמטער האָט מענדעלזאָהן׳ען געפרעגט, ביי זיין אריינגאַנג אין בערלין:

— מיט וואָס האַנדלען זי?

— איך האַנדעל מיט דעם וואָס זי האַנדלען ניט! — האָט מענ־דעלזאָהן געענטפערט מיט אַ דרייסטען טאָן.

דעם זעלבען ענטפער האָט ער איהם עטליכע מאָהל ווידערהאָלט, נאָך יעדער פראַגע. ענדליך האָט דער בעאַמטער מיט אויפרעגונג געשריגען:

— פאַרפלוכטער יודע! מיט וואָס האַנדעלט איהר?

— מ י ט פ אַ ר ש ט אַ נ ד! — האָט מענדעלזאָהן געלאַסען געענטפערט.

390

## פּערל מוסר

דער באָדען איז געבויגען, די קעהלער טיר איז אָפען, אַלע נידע־רינער אַלץ טיעפער זינקען די לעבענדיגע וועזענס. ניט פון אונטען ארויף, נאָר פון אויבען אראָפּ, איז זייער שטענדיגער מארשרוט, אַלעס געהט צו איין אָרט, פון אַלע זייטען ציהט צו איין פּונקט. צי לאַנגזאַם, צי גיך, פריהער אָדער שפּעטער צו עווינקייט מוזען אַלע קומען, און ענדליך איז דער גאַנג, אונפארמיידליך איז דער וועג צו דער גרוב. פעלקער און נאַציאָנען גאַנצע דורות, מוזען אהין קומען. איין עווינע לויה. אייגעם לאָזט מען אָרונטער, די איבעריגע וואַרטען אין ליין... שטופּ זיך ניט ברודער, זיי ניט זעהר געאיילט... דו וועסט אויך קומען זיכער צום ריכטיגען פּלאַץ... דו ברויכסט זיך ניט איילען... קיינער וועט דיין פּלאַץ געווים ניט פאַרנעמען... אייל דיך ניט ברודער, דו קומסט



391

## דער חשבון שטימט

די גמרא זאָגט, אַז אין דעם זכות פון די פרומע ווייבער זענען אונזערע עלטערען אויסגעלייזט געוואָרען פון מצרים. ווען מיר באַ־רעכענען זיך, זעהען מיר, אַז מיר האָבען דאָביי גאָר ניט פּראָפּעטירט, ווייל פאַר יענע יאָהרען וועלכע מיר האָבען נאָך געדאַרפט זיין אין מצרים, מוזען מיר היינט זיין אין גלות ביי די ווייבער.



392

## בעט די גאָל ביי די רביצין

עס איז אַמאָל געקומען ביי א רב אַ שאלה מיט אַ הוהן אַהן אַ גאָל. ער האָט אַנגעווענדעט גרויסע מיה און האָט איהר ניט געפונען. האָט ער גערופען די רביצין זאָגענדיג:

— דו גיסט מיר דאָך אַלע מאָל די גאָל אין האַנד אריין, קענסטו היינט באַווייזען מיר צו געבען די גאָל?

393

## דער רב אַלס אורח

אין אַ געוויסען פרייטאָג זענען אָנגעקומען אין לונשיץ אורחים מעהר ווי געוועהנליך זענען זיי געקומען צום דעם גאון און האָבען איהם געזאָגט, אַז זיי האָבען ניט וואו שבת צו עסען.

— וואָס? — האָט דער גאון אַ פרעג געטאָהן מיט כעס — זיי וועלען ניט געבען אורחים צו עסען שבת? קומט מיט מיר נאָך אַזאַרקאָוו דאָרטען וועלען מיר שוין האָבען שבת צו עסען.

און אַזוי זאָגענדיג האָט ער זיך אָנגעטאָהן די יופקע און גענומען געהן מיט די אורחים.

ווי מען האָט עס אין דער שטאָדט געהערט, איז געוואָרען אַ רעש, און די בעלי בתים זענען געקומען צו לויפען זאָגענדיג:

— רבי, וואו געהט איהר?

— איך וויל ניט זיין אייער רב, — האָט ער געענטפערט ווען איהר ווילט ניט געבען אורחים צו עסען.

— באַרוהיגט זיך, רבי, — האָבען די בעלי בתים געענטפערט — זיי וועלען באַלד האָבען צו עסען שבת. און זיי האָבען זיך באַלד צולאָזען איבער'ן שטאָדט און האָבען פאַרזאָרגט די אורחים מיט שבת.

394

## אַ תקיעת כף

אַ גריינער איז אַמאָל געקומען צום גאון ר"נ אַדלער ז"ל אין לאָנדאָן און האָט איהם געבעטען וועגען אונטערשטיצונג. ווי דער גאון האָט זיין בקשה פאַרזאָרגט, האָט ער געזאָגט:

— רבי, ווען איהר וועט מיר ניט העלפען, וועל איך מוזען געהן צו די מיסיאָנערען.

האָט דער גאון איהם געגעבען זיין האַנד זאָגענדיג:

— גיב מיר דיין האַנד אַז דו וועסט זיין אַן עהרליכער מיסיאָנער, קיין עהרליכער איד ביסטו דאָך קיינמאָל ניט געוועזען, זיי כאָטש אַן עהרליכער מיסיאָנער.

395

## מרחם על הארץ

עס זענען פאראנען מענשען, וועלכע ווילען ניט נעהמען קיין אורח אין זייער הויז, ווייל זיי האבען מורא ער וועט שמוציג מאכען די פלאר, די יעניגע זענען „מרחם על הארץ", אבער ניט „מרחם על הבריות".



396

## שטויב און וואסער

ווען עס איז ארוים דער באפעהל אין רוסלאנד, אז אלע אויס־לענדישע פאבריק־באזיצער מוזען פארלאזען דאס לאנד, איז געקומען א געוויסער פאבריקאנט מאנאבערג, אין לאדז א איד פון מאזאאישען גלויבען, צום דאקטאר ראבינער יעלסקי צו פרעגען אן עצה וואס ער זאל טהון.

— הערר דאקטאר, — האט מ. געזאגט — איך בין אין דער מיינונג די פראטעסטאנטישע רעליגיאן אנצונעהמען, אלס שוצמיטעל געגען די פארפאלגונגען. זי וויסען דאך הערר דאקטאר, אז דאס טויפוואסער האט א גרינגע באדייטונג, וואס קען מיר געשעהן, ווען מען וועט א ביסעל וואסער אויף מיין קאפ גיסען? איך וועל דאך בלייבען דער זעלבער ווי איך בין געוועזען ביזהער.

האט איהם דר. יעלסקי גענענטפערט:

— מיר זעהען אונזער פאטער יעקב האט באקומען א ברכה פון גאט „והיה זרעך כעפר הארץ" (דיינע קינדער וועלען זיין ווי דער שטויב פון דער ערד). איז דאך א פראגע צו שטעלען, וואס פאר א ברכה איז דאס? וואס פאר א ווערטה וועלען מיר האבען, ווען מיר וועלען זיין גלייך צו שטויב? נאר ווען מען באטראכט גוט, זעהען מיר אז דאס איז א וויכטיגע ברכה. לאמיר זעהען, שטויב קען מען ניט פארניכטען ער ווערט געקעהרט פון איין ווינקעל צום אנדערען, אזוי אויך אונזער נאציאן, האט מען שוין אויך געקעהרט פון איין לאנד אין אנדערען, און מיר עקזיסטירען נאך ביז'ן היינטיגען טאג. נאר דורך איין זאך קען מען שטויב פארניכטען, ווען מען גיסט וואסער אויף איהם, ווערט דערפון א בלאטע. דאס זעלבע איז אויך

מיט דעם טויפוואסער, עס איז זאגאר גרינג, עס ווערט אבער דערפון א בלאָטע.

397

## מען קען איהם גלויבען

רבש"ע, גיב מיר צוויי מאָהל הונדערט טויזענט טאָלער איך זאג דיר צו, אז א העלפט פון דעם, וועל איך אוועקגעבען פאר צדקה, נאר אויב דו גלויבסט מיר ניט, צוטייל אליין א העלפט, און הונדערט טויזענט גיב מיר...

398

## קינדער און קדישים

הרב הגאון פון שעפס וועלכער איז געוועז רב אין ניו יארק, האט אמאל געזאגט צו א נגיד וועלכער האט קיין קינדער ניט געלאט, ער האט פארלאנגט א ברכה צו האבען א קינד, איבערצולאזען א קדיש, האט ער צו איהם געזאגט: „אין אמעריקע איז בעסער ווען מען האט גאר ניט קיין קינדער, און וועגען א קדיש? לאזט איהר איבער גענוג קדישים, ווען איהר געהט ארויס פון שוהל בעפאר עלינו.

399

## כאפ ארויס דעם קרן

דער גאון ר' חיים אויערבאך זצ"ל פון לונשיץ האט אמאל געזאגט אום ראש השנה: „רבש"ע הרם קרן ישראל עמך!" נעם ארויס דעם קרן פון גלות, ווארט ניט אויף ריוח, ווארום אז דו וועסט לאנג ווארטען, וועסטו דעם קרן אויך פארליערען.



## ווען און ווער עס פרעהט זיך

400

ווען פרעהט זיך דער זייגערמאכער?
ווען די צייט (דער זייגער) איז שלעכט.

401

דער גארטעל מאכער? — ווען דער עולם איז געבראכען.

402

דער דאקטאר? — ווען יענעם איז נישט גוט.

403

דער אדוואקאט? — ווען יענער קלאגט.

404

דער באנקיר? — ווען יעדער לייגט צו.

405

דער ערד באזיצער? ווען אלעם איז גוט אין דער ערד.

406

דער הויז ווירט? — ווען ער האט וואס מעהר צו געהן אין די הייזער.

407

דער רעדנער? — ווען מען פאטשט איהם אוים.

=□=

408

### א קעניג און בעטלער

עס איז בעסער צו זיין א בעטלער אין העלען ליכט, אלס א קעניג אין דער שטענדיגער פינסטערניש.

409
## אַמאָל און היינט

אַמאָל זענען ווייבער געפאָהרען אויף בעזימער זענען זיי געווען מכשפות — היינט פאָהרען ווייבער אויף בייסיקעלס זענען זיי גאָר לײדיעס.

410
## דאָס איז אויך אַמאָל און היינט

דאָס ערגסטע פון'ם לעבען איז וואָס עס איז אַזוי קורץ.

411
## נאָכטאָהן

אז מען וויל נאָכטאָהן לייטען, מוז מען זיך וואַרפען אויף אַלע זייטען.

412
## פאַרלאַנגען

וואָס מען קען ניט דערלאַנגען זאָל מען ניט פאַרלאַנגען.

413
## הייראַטען

צו הייראַטען אַ פרוי צוליעב איהר שעהנהייט, איז גלייך ווי מען קויפט אַ פעלד צוליעב די רויזען, נאָר די לעצטע איז נאָך פיעל פאַר־נונפטיגער ווייל ראָזען וואַקסען אַלע יאָהר פרישע...

414
## לוקסוס

דער גרויס שטאָדטישער לוקסוס ערנעהרט מעהר אָרעמע לייט, אַלס די פילאַנטראָפּיע.

415

## צוויי צונגען

האָט ניט מורא פאַר אַ הידרא מיט זיבען קעפּ, נאָר פאַר אַ מענשען מיט צוויי צונגען.

═▣═

416

## דער קלוגער און דער נאַר

דער קלוגער ווייסט וואָס ער רעדט.
דער נאַר רעדט וואָס ער ווייסט.

═▣═

417

## החיים והמות ביד הלשון

וואָס עפּעס איז דער אויסדריק אויף דעם צונג דאָס וואָרט „ביד"? האָט דען דער צונג אַ האַנד?

יאָ, ווען מען רוקט ניט אַריין דעם רעדנער בעפאָר זיין לעקציע אין יד, דאַן האָט ער גאָר קיין לשון ניט.

═▣═

418

## אַ געפעהרליכע קראַנקהייט

היינטיגע אַלע קרענקען זיינען אויף אַ ראָק (ר"ל): רק עס פעהלט, ראָק מען מוז, ראָק מען האָרף, און רק אין יראת אלקים במקום הזה...

═▣═

419

## אַמאָל און היינט

אַמאָל פלעגט מען זיך ניט טאָהרען זעהן פאַר דער חתונה, אָבער מען האָט זיך געקענט אָנזעהן נאָך דער חתונה. — היינט זעהט מען זיך פאַר דער חתונה און מען קען זיך ניט אָנזעהן אָך דער חתונה.

420

## דער שקר

דער שקר וואָס האָט נישט קיין פיס, גערט אַ סך שנעלער ווי דער אמת, וואָס האָט פיס.

421

## צופיעל זיס

זיי ניט צופיעל זיס מען זאָל דיך ניט אויפעסען, און ניט צופיעל ביטער מען זאָל דיך ניט אויסשפייען

422

## מזל

וואַרף אריין אַ מזל'דיגען אין ים וועט ער ארויסשווימען מיט אַ פיש אין זיין מויל.

423

## נאַר מוטה

געלד פארלארען גאר־ניט פארלארען. מוטה פארלארען אַלעס פארלארען.

424

## די שילדערונג

די מענשען זענען ניט אַזוי גוט ווי עס שילדערען זיי די פריינד, און נישט אַזוי שלעכט, ווי עס שילדערען זיי די פיינד.

425

## רעדען

פון גארניט קענען רעדען ביז קענען, נעמט אַ פּאָר יאָהר, אָדער פון קענען רעדען ביז ניט קענען רעדען, נעהמט אַמאָל דעם גאַנצען לעבען.

426

## בלומען

רייניג אב דיין פעלד פון מיסטיגע גרעזער, און די שמעקענדיגע בלומען וועלען שוין אליין ארויסוואקסען.

427

## וועה

וועה, איז דעם וועלכער געפעלט ניט קיינעם. היט מיך אבער גאט פון דעם וועלכער געפעלט אלעמען.

428

## א גאסט

אז מען זאגט צו א גאסט, וואס איילט איהר זיך אזוי, איז א סימן אז מען וויל פון איהם פטור ווערען.

429

## ארענטליך

דער וואס איז ארענטליך אין א סענט העם געטרויעט מען א דאלער.

430

## א מוסר פאר די פועלי ציון

די „פועלי ציון" האבען געהאט זייער עקסקורשאן דיעזען שבת. סטייטש! אום שבת! זיי האבען דאך עובר געווען אויף „שביתת בהמה".

431

## גאלד

מיט גאלדענע קוילען טרעפט מען אימער אין ציעל.
מיט א גאלדענעם האמערל קאן מען אייזערנע טויערן צוברעכען.

432

## פאַר וואָס?

מייק: — אייק, פאַר וואָס פירט מען די כלה 7 מאָהל אַרום דעם חתן אונטער דער חופּה?

אייק: פאַר'ן האנד.

═◘═

433

## אַ גוטער סימן

ערשטער: נו ווי געהט עס אייך מיין פריינד דאָ אין אַמעריקע?

צווייטער: גאָט צו דאַנקען.

ערשטער: אויב איהר דאַנקט נאָך גאָט, געהט עס אייך מסתמא ניט גוט...

═◘═

434

## אַנטיקען

מיט טויזענט יאָהר צוריק האָט די ערשטע צייטונג ערשינען אין פּעקין (חינא). אין יאָהר 1563 איז די ערשטע צייטונג אין אייראָפּא ערשינען אין ווענעציע. אין יאָהר 1631 איז אין פּאַריז ערשינען די ערשטע צייטונג „לאַ גאַזעטאַ דע פראַנסע“.

═◘═

435

## אַ האַלב וואָרט אַ איבעריגער

מאַנכע רופען זיך פריי־דענקער. פריי איז ריכטיג און דענקער איז פאַלש.

═◘═

436

## זעהר צו־טראַגען

זעהר צוטראָגען, אַנשטאַט אויף צו הענגען די קליידער אין שאַפע, און אַליין זיך ליגען אין בעט ליגט ער די קליידער אין בעט, און אַליין הענגט ער זיך אויף אין שאַפע.

437

## לאַנג לעבען

לאַנג לעבען, ווען דער מענש עסט אַלע טאָג מעהר געזאַלצענע זאַכען, פיעל פרוכט, איבערהויפּט ווייכע עפּעל, און אַלע טאָג טרינקען צוויי־דריי גלאָז איבערגעקאָכטע וואַסער.

438

## אַזאַ סאָרט וועלט

איינער קלאַפּט אין דעם בוים און דער צווייטער קומט און כאַפּט דעם עפּעל.

439

## ווי מען שטאַרבט

ביז זיבעציג יאָהר לערענט מען שכל און מען שטאַרבט אַ נאַר.

440

## ליעבע

ווער עס האָט דיך ליעב געקריגען איבער אַ נאַרישקייט, קען דיך פיינט קריגען איבער אַ קליינינקייט.

441

## הויכע מענשען

הויך געוואַקסענע מענשען זענען גלייך ווי הויכע הייזער, וואו די אויבערשטע פלאָרס צימערען זענען געוועהנליך ליידיג.

442

## אַ פּערל

נאָך דיינע גוטע פריינט, מעסט איך דיין רייכקייט,
נאָך דיינע פיינד, מעסט איך דיין גרויסקייט....

443

## דער מענש און זיין לעבען

דעם מענשענס לעבען איז אַ קינדער שפּיל. אַ גאַנצען טאָג שפּילט זיך דאָס קינד, מאַכט אַלערליי שפּילכלאַך, אָבער ווי עס קומט דער אָוועגט ווערט עס מיעד, לאָזט עס אַלעס איבער און אַליין געהט עס שלאָפען...



444

## לעבעדיגע פיש

נאָר לעבעדיגע פיש שווימען געגען דעם שטראָם.



445

## הערר און שקלאַף

דער מענש דאַרף זיין דער הערר פון זיין ווילען, און דער שקלאַף פון זיין געוויסען.



446

## דאָס אויג

דאָס אויג דערצעהלט וואָס דאָס הארץ מיינט.



447

## געלד

געלד איז געגליכען צו וואַסער וואָס מעהר מען טרינקט גלוסט זיך מעהר.



448

## רייכטהום

ווען מיר באַטראַכטען גענוי ווער עס זענען אַזוי די מענשען וואָס באַזיצען אָנגעהייערען רייכטהום דאַן לערנט אונז צו פאַראַכטען דאָס רייכען געשלעכטס.

449

## זעלבסט ליעבע

ווּעמען ליבט דער מענש ווי זיך אַליין?
דעם וועמען ער זעהט אין שפּיגעל!

450

## דער קאַרגער

א קארגער מענש, און א פּעטע בהמה, ברענגען ערשט נוצען נאָך זייער טויט.

451

## מורא האָבען

„מורא" מוז מען האָבען פאַר צווייען — פאַר גאָט ב"ה, און פאַר דעם וואָס האָט ניט מורא פאַר גאָט ב"ה

452

## מצה און מרור

אין דעם פּלאַץ וואו עס איז דאָ מצה דאָרט איז אויך דאָ מרור.

453

## ציפּע רופט עס אַנדערש

איך בין געוועזן אַ „מקרא דרדקי", ווי מען רופט עס. מיין ציפּע אָבער רופט עס אַ „מקרי געהארגעטער.

454

## אַ רפואה צו שטומעניש

איינער האָט ביי מיר געפרעגט אויב איך וויים עפּעס אַ מיטעל צו שטומעניש. זיין ווייב האָט איהר שטימע פאַרלוירען.

— קומט שפּעט ביי נאַכט, — איז געוועזן מיין ענטפער...

455

## איבעגעבעטענער פריינד

אַ איבערגעבעטענער פריינד איז ווי אַ צונויפגעקלעפּטער צו־בראָכענער שפּיגעל.

456

## אַ שלעכטער נום

אַ שלעכטער נום צוברעכט אַ צאָהן און באַצאָהלט מיט אַ ווערימ־דיגען אַנדערע.

456

## וואָס פאַרלאַנגסטו?

פאַרלאַנגסטו געלד געה צו פרעמדע. פאַרלאַנגסטו אַן עצה געה צו פריינד.

457

## געניט

מען ווערט ניט געניט, ביז מען האָט זיך ניט אָבגעבריט.

458

## רפואות

די ערשטע וואַסער קיור איז געווען דער מבול. זי האָט מעהר געטויטעט ווי געהיילט.

459

## קאַמפּף און זיעג

זיך זעלבסט צו באַקעמפּען, איז דער שווערסטער קאַמפּף. זיך זעלבסט צו באַזיעגען איז דער שעהנסטער זיעג.

460

## מדרגה

מענשען הויבען אָן פאַלען ווי זיי קומען צו דער העכסטער מדרגה.

461
## חרטה

חרטה האָבען הייסט ניט צו געבען צו דער באַגאַנגענער נאַרישקייט א פרישע.

==▣==

462
## גוטעס און שלעכטעס

דאָס גוטע געדענקט זיך לאַנג, דאָס שלעכטע נאָך לענגער.

==▣==

463
## דאָקטוירים

אַלע פעלערען פון די דאָקטוירים פאַרדעקט די ערד.

==▣==

464
## ווי לויט'ס ווייב

אַ פרוי האָט געלאָזט ארעסטירען אַ פרעמדען מאַן פאַר וואָס ער איז איהר נאָכגעגאַנגען אַ פאַר בלאָק. די פרוי האָט געדאַרפט באַקומען דעם זעלבען פסק ווי לוט'ס פרוי וואָס זי האָט געקוקט הינטער זיך.

==▣==

465
## אַחן חסרונות

ווער עס זוכט אַ פריינד אַחן חסרונות, בלייבט אַחן אַ פריינד.

==▣==

466
## מורא

האָב מורא פאַר דעם וועלכער האָט מורא פאַר דיר.

==▣==

467
## פריינד און פיינד

היטען זאָל מען זיך פאַר פריינד ניט פאַר פיינד.

468
## פאטערלאנד

מען קען אנטלויפען פון פאטערלאנד אָבער ניט פון זיך זעלבסט.

469
## צו זיך זעלבסט

ווער עס האָט צוטרויען צו זיך זעלבסט געווינט אויך צוטרויען ביי אנדערע.

470
## דאָס גליק

דאָס גליק קען מען ניט פיהלען ווען מען איז דערמיט געבוירען. מען פיהלט עס ערשט דאַן, ווען מען האָט עס פארלאָרען.

471
## עניו

דער גרעסטער עניו האלט פון זיך זעלבסט מעהר, ווי עס האלט פון איהם זיין בעסטער פריינד.

472
## פריינד און פיינד

היט מיך גאָט פון מיינע פריינד, פון מיינע פיינד וועל איך מיך אליין היטען.

473
## גאָלד

גאָלד איז דאָס בלוט פון דעם געזעלשאפטליכען קערפּער. די בירגער וועלכע האבען עס צו ווייניג אָדער צופיעל, זיינען קראַנק.

474
## מזל

דאָס מזל לאָזט ניט לאַנג מיט זיך שפּיעלען.

475

**דאָס לעבען**

דער מענש פאַרשטעהט נאָר דאָס לעבען ווען ער האָט צוטרויען צו זיך זעלבסט.

==□==

476

**צונג**

דער צונג פיהרט דעם מענשען צום גליק און צום אומגליק.

==□==

477

**איבערוואַרטען**

אז מען קען ניט איבערוואַרטען דאָס שלעכטע קען מען דאָס גוטע ניט דערלעבען.

==□==

478

**פאַלשע פריינד**

פאַלשע פריינד זענען ווי די וואַנדער פייגעל, וועלכע קומען נאָר צו פליהען אין דער גוטער צייט און אין דער שלעכטער צייט פליהען זיי אוועק.

==□==

479

**מוטה**

מוטה איז די קראַפט פונ'ם שוואַכען.

==□==

480

**חנפ'ענען**

ווער עס קען ניט ליעבען מוז קענען חנפ'ענען.

==□==

480

**ווערען און זיין**

קיין מענש וויל ניט עפּעס ווערען, יעדער וויל באַלד עפּעס זיין.

481

## טעות

עס האָט אַ טעות יענער וועלכער רעכענט דאָס ער קען זיך באַגעהן אָן אַנדערע. אַ גרעסערען טעות אָבער האָט אַזעלכער וואָס רעכענט אַז אַנדערע קאָנען זיך ניט באַגעהן אָהן איהם.

482

## אַ נעמער

דער וואָס האָט ליעב צו נעהמען דער האָט פיינט צו געבען.

483

## אַן אונגליק

אַז דער אונגליק דאַרף אימעצען טרעפען, טרעפט ער איהם אפילו אויפן גלייכען וועג.

484

## מרבה ישיבה

מרבה ישיבה (אין רוסלאַנד פריזאַן) ווערען אין אַמעריקע „מרבה חכמה".

485

## אמת

אמת, איז אַזאַ זאַך וואָס ליגט אויפן שפּיץ צונג און וואָס יעדער פאַרגעסט אַרויסצוריידען.

486

## דער איז דער ריכטיגער חכם

קלוג איז דער יעניגער וואָס ווייס צו קומען פּינקטליך צו דער צייט. נאָך קלוגער איז דער יעניגער, וואָס ווייס אַוועק צו געהן אין דער צייט.

487
## געלד

ווער עס רעכענט אז מיט געלד קען מען אלעס מאכען איז אויך פעהיג פאר געלד אלעס צו טאהן.

488
## מיר וואנדערען

מיר וואנדערען אלע ארום אין געהיימניסע, מיר זיינען ארומגערינגעלט פון אן אטמאספהערע פון וועלכע מיר ווייסען נאך אבסאלוט גאר ניט וואס עס טהוט זיך אין איהר און וואס פאר א פארבינדונג זי שטעהט מיט אונזער גייסט.

489
## ארים

ארים איז ניט קיין שאנדע, אבער שטאלצירען הערמיט קען מען ניט.

490
## גליק

יאגענדיק זיך נאך גליק, אנטלויפט מען דערוויילע פון צופרידענהייט.

491
## מעסטען

עס איז בעסער 10 מאהל מעסטען און איינמאהל שניידען, דיען איידער פארקעהרט

492
## שלעכטע זיטען

זיך אבגעוואהנען פון שלעכטע זיטען איז לייכטער היינט ווי מארגען.

493

## אמעריקאַנער

אַמעריקאַנער פאַרזאָרגען זיך מיט אַ בית הקברות אָבער ניט מיט „צידה לדרך“.

═▣═

494

## דער פויער מיט די פראַשקעס

אַ פויער זייענדיק קראַנק, האָט געקויפט פּראַשקעס אין אַפּטייק. דער אַפּטייקער האָט איהם געהייסען נעהמען די פּראַשקעס אין וואַסער, איז ער אַוועק צום טייך, האָט זיך אויסגעטאָהן און אַריינגעהענדיג אין טייך, האָט ער איינגענומען די פּראַשקעס.

═▣═

495

## גוט צו זיין אַ איד

אַ האַן אויף ערב יום כפור, אַ ענדיג אויף טהענקס־גיווינג דעי, אַ גענזעל אויף חנוכה, פּרעזענטס אויף קריסטמעס, פורם אַ המן־טאַש. אך ווי גוט צו זיין אַ איד אין אמערקע!

═▣═

496

## געלט

פאַלשע געלט מאַכען מענשען, און פאַלשע מענשען מאַכען געלט, און געלט מאַכט פאַלשע מענשען.

═▣═

497

## נויט און גליק

דער נויט מאַכט דעם מענשען בעסער, דאָס גליק ערגער.

═▣═

498

## גרעסער

מענשען הויבען אָן צו ווערען קלענער, ווי זיי הויבען נאָר אָן צו וועלען ווערען גרעסער.

499

## די עלטער

די עלטער איז פאר אונוויסענדע, ווינטער. פאר געלערענטע — שניט־צייט.

500

## פרעססען

דורכ'ן פרעססען קומען אום מעהר מענשען, ווי דורכ'ן שווערד.

501

## אונגליק

קיין אונגליק איז ניט אזוי גרויס, ווי גרויס עס איז די מורא פאר איהם.

502

## פארלוסט

דער גרעסטער פארלוסט איז די צייט פארלוסט.

503

## אלטקייט

לאנג לעבען וויל יעדער, אלט ווערען וויל קיינער.

504

## קינדער

אז מען ערציהט די קינדער אין דער יוגענד, ערציהען זיי ניט זייערע עלטערען אויף דער עלטער.

505

## מען יאגט אונז

ווארום יאגט מען אונז ? — ווייל מיר זענען פארפרוירען.

# פראַגען און אַנטוואָרטען

506

פראגע: — ווי אזוי זעהט דער גנב אין דער פינסטער אלע זיינע גנבות צו פראווען?

אנטווארט: — ווייל אויף א גנב ברענט דאס היטעל.

507

פראגע: — וויפיעל בלעטער איז דא אין בוך?

אנטווארט: — צוויי מאהל אזוי פיעל וויפיעל זייטלאך

508

פראגע: — וויפיעל טעג דארף נאך שטעהן די וועלט?

אנטווארט: — אקוראט אזוי פיעל וויפיעל נעבט.

509

פראגע: — וואס איז דאס אזוינס וואס דער ארעמער האט דאס און דער רייכער נישט?

אנטווארט: — דעם דלות.



510

## די וויעג

אין דער קינדהייט איז אונז די וויעג צו גרויס, ווערען מיר עלטער, איז פאר אונז די גאנצע וועלט צו קליין.



511

## שלעכטע צייט

מיר באקלאגען זיך אפט אויף דער שלעכטער צייט, ווערענד אין אמת'ן זענען מיר שלעכט.



512

## ניט מיט איין מאָל

דער טראפען לעכערט דעם שטיין ניט דורך קראפט, נאר דורך זיין אפטען פאלען.

513

## די צייט

די מענשען פאַרברענגען ניט די צייט, נאָר די צייט פאַרברענגט די מענשען.

═▣═

514

## גנבים

פאַראַן גנבים וואָס ווערען פון געזעץ ניט באַשטראָפט, כאָטש זיי רויבען אַוועק ביים מענשען דאָס טהייערסטע — די צייט.

═▣═

515

## קלוג

קלוג איז דער וועלכער ווייס צו קומען אין דער ריכטיגער צייט... נאָך קלוגער איז דער וועלכער ווייס אַוועק צו געהן אין דער ריכטיגער שטונדע

═▣═

516

## אַ חזן מוז האָבן אַ ווייב

פאַר וואָס על פי דין, דאַרף אַ חזן האָבען אַ ווייב? ווייל עס שטעהט „לב נשבר ונדכה אלקים לא תבזה״, די צובראָכענע הארץ אַז זי איז מתפלל, איז גאָט די תפלה ניט מבזה. דעריבער מוז ער האָבען אַ ווייב כדי ער זאָל האָבען אַ לב נשבר ונדכה....

═▣═

517

## אַ תירוץ

מען האָט אַמאָל געכאַפּט אַ גנב ביי דער האַנד און מען האָט איהם גלייך געבראַכט צו רב.

רב: — דו ווייסט דען ניט, אַז אין דער תורה שטעהט: „לא תגנוב״ ?

גנב: — וואָס עס שטעהט זאָל זיך שטעהן, אָבער וואָס עס ליגט, נעהם איך צו.

518

## א פּתיחה לדרוש

זייט וויסען, עס איז ניט גלייך די מעדיציינישע מאַטעריאַלען, ווען זיי שטעהען אין אַפּטייק, צו זייער איינגעבען דעם קראַנקען...

519

## וואָס פאַר א ברכה איז ווי א קללה ?

ווען אַן אידים בענטשט זיין שווער — „שווער, זאָלט איהר לעבען", „שווער, זאָלט איהר געזונד זיין", א. ז. וו.

520

## נערעכטיגקייט

נערעכטיגקייט, איז א פאַרבלאַנדזשעט וואָרט פון פּלאַנעט מאַרס.

521

## בילדונג

דער וואָרצעל פון בילדונג איז ביטער... אָבער די פּרוכטען פון וואָס איז די קליגסטע זאַך אויף דער וועלט ?

די צייט. זי האָט אַלעס ערפינדען.

522

## האָפענונג

אַזא מיטעל צו שטילען דעם הונגער.

523

## אפיקומן

אפיקומן לערנט אונז דעם מוסר! באַהאַלט א העלפט פון דיין ברויט אונטערן קישען, וואו דו וועסט דאַרפען ליגען אייביג.

